# אַ בייער באַגינען

פון

מ. קראַוועץ



אַרויסגעגעבן פון דעם

פּראָגרעסיוון דרעסמאַכער ברענטש 122 אַרבעטער־רינג

ניו יאָרק, 1957

פּרייז — $3.50

# אינהאַלט:

זייט

## א. מיין היים, אַמעריקע



## ב. אַרבעט און קאַמף



## ג. אויף די וועגן פון ווינט

# פאָרוואָרט

מאיר קראַוועץ איז געבוירן געוואָרן אין סטאָלין, מינסקער גובערניע, ביי אַ פּאָטער אַ שניידער.

ער איז געקומען אין אַמעריקע אין 1909, באַלד אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ פאַבריק. צו 16 יאָר איז ער שוין געווען טעטיק אין דער אַרבעטער באַוועגונג, געוואָרן א מיטגליד אין דער „אײ־דאַבליו־דאַבליו", און צו 18 יאָר האָט ער אָנגעהויבן זיינע וואַנדערונגען ווי אַן אָרגאַניזאַטאָר און אַגיטאַטאָר.

אין משך פון די ווייטערדיקע יאָרן איז אים אויסגעקומען צו אַר־בעטן אין קוילנגרובן, שטאָלגיסערייען, וועלדער און אייזנבאַנען. ער האָט זיך באַטייליגט אין צענדליקער סטרייקס, געהאָלפן אָרגאַניזירן יוניאָנס אין די שטאַטן אָרעגאָן און וואַשינגטאָן. אַ באַזונדער אָרט אין זיין לעבנס־געשיכטע, ווי אין זיינע געדרוקטע שאַפונגען, פאַרנעמט די צייט, ווען ער איז געווען א מאַטראָז און מיט די שיפן באַזוכט אַ סך שטעט און לענדער אין פאַרשיידענע וועלט־טיילן.

אין 1923 האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער דרעסמאַכער יוניאָן, געאַרבעט אין שעפּער און זיך באַטייליקט אין אלע עקאָנאָמישע און פּאָלי־טישע קאַמפן פון די נאָדל־אַרבעטער. אַ צאָל יאָרן האָט ער זיך געפונען אין לינקן לאַגער צוזאַמען מיט אַנדערע פירנדיקע מיטגלידער פון דער יוניאָן, און צוזאַמען מיט זיי שפּעטער אים פאַרלאָזן, ווען מ'האָט זיך אַרומגעזען, אַז די סאָוועטישע „געטער" האָבן אָפּגענאַרט. מ. קראַוועץ פאַרנעמט איצט דעם פּאָסטן פון מענעדזשער פון דעם „אַפּיליאייטעד דע־פּאַרטמענט" פון דער דרעס דזשאָינט באָאַרד.

* * *

אינעם זעלביקן יאָר, וואָס ער איז אַריין אין דער יוניאָן, האָט מ. קראַוועץ אָנגעהויבן אויסלאָדן אויך שפּעריש די רייכע דערפאַרונג פון זיין אַקטיוון לעבן דורך שרייבן דערציילונגען. ער האָט זיי געדרוקט

אין ארבעטער־צייטשריפטן, ווי „גערעכטיקייט", דער אָרגאַן פון דער „אינטערנעשאַנעל", די „פרייע אַרבעטער שטימע" א. אַנד. אין 1928 דערשיינט זיין ערשטלינג־ווערק „אויף די וועגן פון ווינט". דאָס בוך איז שטאַרק געלייבט געוואָרן פון די קריטיקער. זיי האָבן דערקלערט מ. קראַוועצן פאַר איינעם פון די באַגאַבטסטע יידישע דערציילער.

מיר ווילן קיין סך ניט ריידן וועגן קראַוועצעס ניי בוך, ווייל עס וועט ריידן פאַר זיך אַליין. און זאָלן בעסער וועגן אים זיך אַרויסזאָגן די לייענער און די קריטיקער. מיר זיינען זיכער, אז אין די 25 דערציילונגען וועלן זיי געפינען אַ סך ברודערשפט און געטריישאַפט צו די אַרבעטער און זייערע קאַמפן; אַ סך פאַרשטענדעניש און מיטגעפיל מיט די גייער (און פאָרער) „אויף די וועגן פון ווינט" און ים, ווי מיט די אַמעריקאַנער „אין אַפּגרונט" מענטשן; אַ סך ליבשאַפט און בענקשאַפט פאַרן גרוי־זאַם־פאַרשניטן יידיש לעבן אין דער „אַלטער היים"; אַ סך עכטע מענטש־לעכקייט, וואַרעמקייט און שיינקייט.

דער פראָגרעסיווער דרעסמאַכער בר. 122 אַ. ר., וואו מ. קראַוועץ איז אַ סך יאָרן א חשובער מיטגליד, האָט שוין אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער פון זיינע מיטגלידער, און מיר האַלטן עס פאַר אַ כבוד צו קאָנען אַרויס־געבן אויך דאָס בוך מיט דער הילף פון קראַוועצעס גרויסער צאָל פריינד.

אונזער האַרציקסטער דאַנק די ספּאָנסאָרן, דער רעדאַקציע־קאָלע־גיע — ש. פאַרבער, נ. מ. מינקאָף, און באַזונדער דעם פריינד אַלעק־סאַנדער פּאָמעראַנץ — און אלע וואָס האָבן געהאָלפן דאָס בוך אַרויסגעבן, ווי אויך אַלע וואָס וועלן העלפן דאָס בוך פאַרשפּרייטן, ווי עס פאַרדינט.

**פּראָגרעסיווער דרעסמאַכער בר. 122, א. ר.,**

**מ. קראַוועץ בוך־קאָמיטעט:**

**ישראל ברעסלאָוו, פאָרזיצער;**

**דוד שוקין, סעקרעטאר;**

**טשאַרלס ס. זימערמאַן, קאַסירער.**

# מיין היים

איך הער נאָך דעם קלאַנג פון דער מאַמעס ליד, בעת זי שטייט ביים הייסן אויוון און באַקט חלה אויף שבת. אַזוי האָט זיך מיר געדוכט. און מיט אַ מאָל האָב איך זיך אויסגעטשוכעט, דער מאַמעס שטימע איז געווען היסטעריש און צעשראָקן: „שטיי אויף, מייערשל! שטיי אויף! — דאָס שטעטל ברענט, ווי צו אונדזער לעבן! די פלאַמען ווען שוין באַלד דערגרייכן אונדזער הויז!" באַלד איז דער טאַטע צוגעקומען, מיך אויפגעהויבן, ווי א שפענדל, אין זיינע שטאַרקע אָרעמס, און מיך אַרויסגעטראָגן פון הויז.

די ווייבער האָבן געכליפעט, די מענער האָבן פּרובירט עפּעס טאָן — געשלעפּט פון די הייזער דאָס ביסל אָרעמקייט. אַנדערע זיינען געלאָפן פון די ברונעמס מיט עמערס וואַסער, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. דאָס אידישע שטעטל איז געווען איין קנויל פייער. דער הימל איז געווען רויט מיט פלאַמען, ווי די וואָלקנס וואָלטן געברענט. די כאַטעס, אַ טייל פון זיי מיט שטרויענע דעכער, זיינען אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד.

אָט־די נאַכט וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווייל דאָס איז געווען דער שייד־וועג אין אונדזער לעבן. קיין זאַך איז מער ניט געווען ווי פריער. ווי מיט אַ שאַרף מעסער איז מיין נעכטן געוואָרן אָפּגעשניטן. דער טאַטע האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז מיר מוזן איבערלאָזן אונדזער היים אויף אייביק. אַלע האָבן געוואוסט, אַז די פּאָליאַקן האָבן אונטערגעצונדן די יידישע הייזער. די יידן זיינען געווען צעשראָקן, און מען האָט גערעדט וועגן פּאָגראָמען. קיינער האָט ניט געוואוסט, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. דער טאַטע האָט געזאָגט: „איך וועל גיין וואו די אויגן וועלן טראָגן. איך קען דאָ מער ניט פאַרבלייבן!" די מאַמע האָט געשוויגן און געווישט די טרערן.

אַלץ איז אַוועק מיט דעם רויך. דאָס הויז — האָלעוועשקעס, די שפּייכלערס — האַלב איינגעפאַלן, דער גאָרטן — צעטראָטן, די פרוכט־ביימער — האַלב פאַרברענט. דער טאַטע האָט פאַרקויפט דאָס שטיקל נאַקעט ערד

פאַר אַ שיבוש. די מאַמע האָט מיט טרערן אין די אויגן זיך ביי אים איינגעבעטן צו פאַרבלייבן נאָך אַ פאָר טעג. איין פרימאָרגן האָט זי מיך גענומען פאַר דער האַנט און דורך בוימער און לאַנקעס אַוועק צום היליקן אָרט. זי איז געשטאַנען מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ ביי די קברים פון איר טאַטע־מאַמע און געכליפּעט. איך האָב זיך אָנגעהאַלטן מיט ביידע הענט ביי איר ציצן קליידל און אויך געוויינט.

איך געדענק די לעצטע נאַכט אין פעלד. דער טאַטע האָט זיך גע־פּאָרעט ביי פאַרשידענע זאַכן, ניט גערעדט קיין וואָרט צו קיינעם. פון צייט צו צייט פלעגט ער פאַרמאַכן די אויגן און בלייבן שטיין. דערנאָך, נאָכאַמאָל צוגיין צום וואָגן און באַטראַכטן די אָרעמקייט. די מאַמע איז געזעסן אויף דער ערד און זיך געוויגט הין און צוריק. זי איז געווען זייער בלייך. אין דעם שטערן־ליכט האָב איך געזען ווי שיין זי איז! — פעך־שוואַרצע האָר, אויסגעטאָקטע ליפּן, איר געזיכט איז געווען ווי אויסגעשניצט פון אַ סקולפּטאָר.

פאַרטאָג האָבן מיר פאַרלאָזן דאָס שטעטל. אַ סך פון אונדזערע פריינד זיינען געקומען זיך געזעגענען. אַלע האָבן געוויינט, נאָר ניט דער טאַטע. ער איז געווען זייער אַ שטאַלצער, מיט אַן אייזערנעם ווילן. זיינע אויגן האָבן בליציק געלויכטן, און די ליפּן זיינען געווען פאַרקלעמט מיט פאַר־ביסנקייט. עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און דער וואָגן האָט זיך גערירט. די פריינד זיינען פאַרשוואונדן און דאָס שטעטל איז געבליבן אין הינטער־גרונט.

דער טאַטע האָט די רייזע קיינמאָל ניט פאַרגעסן. פאַר זיין איינגע־שפּאַרטקייט האָט ער זיך ניט פאַרגעבן ביז זיין טויט. די מאַמע האָט זיך דעמאָלט פאַרקילט, געקראַנקט היץ און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אַלץ געווען פאַריבער. קיין דאָקטאָר, אָדער שפּיטאָל איז ניט געווען. ליבקע דער פעלדשער, אַ קורצער, בייזער ייד, האָט געשריען, זיך געזידלט, האָט אָבער גאָר ניט געקענט העלפן. די מאַמע האָט ניט געקענט אָטעמען: אירע פאַרברענטע ליפּן האָבן געהאַלטן אין איין שעפּטשען, און אין דער פינצ־טערניש פון דער נאַכט איז זי אויסגעגאַנגען.

איר קבר איז אין דאַווידהאָראָדאָק, אַ יידיש שטעטל מיט דריי שולן. איך און דער טאַטע זיינען געשטאַנען און געקוקט אויף דעם בערגל פרישע ערד. איך האָב געכליפּעט, און דער טאַטע, ווי אויסגעהאַקט פון שטיין,

מיט פאַרגלעזערטע אויגן און אַרונטערגעלאָזענע אָרעמס ווי טויטע צווייגן. דערנאָך, ווי אַ בלינדער, האָט ער מיך געפירט ביי דער האַנט דורכן שלענגל־דיקן וועג צווישן קברים און בערעזע־בוימער צוריק צום שטעטל.

פון דעם טאָג אָן האָבן מיר מער ניט גערוט, מער ניט געהאַט קיין היים, געלעבט ווי ציגיינער, דאָ געטאָגט, דאָרט גענעכטיקט. געשפּאַנט דאָס פערד און וואָגן, און אַלע מאָל גרייט צו פאָרן. דאָס פערד, אַ ווייסער מיט רויטלעכע פּליאַמעס, אויסגעמאַטערט און אַלט; דער וואָגן, אָפּגעקראָכן און גרוי, ווי אונדזער לעבן. זאַמדיקע וועגן, יונגע וועלדער, שטעטלעך, שולן, טייכן און אָזערעס, טאָג און נאַכט ווי אַ קנויל איינגעוויקלט.

דער טאַטע האָט מיט מיר געלערנט און מיך געמאַכט פאַר אַ יידן. פון צייט צו צייט פלעגט ער מיר דערציילן אַ מעשה: „אַמאָל איז געווען...״ איך פלעג זיצן ווי געפלעפט און שלינגען זיינע ווערטער. וועגן גאָט האָט ער גערעדט מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן, דאַוונען אין אַ ווינקל, און אַליין. קיין מאָל הויך ניט געשריען, און פאַרגאָסן אַ טרער שטילערהייד.

מיר זיינען געפאָרן קיין ראָשטשיצע, אַ היפשער דאָרף לעבן אַ גרויסן טייך. עס איז דאָרטן געווען אַ טוץ יידן. זיי האָבן גערדאַרפט אַ לערער פאַר די קינדער און דער טאַטע האָט אָנגענומען די שטעלע. „שוין גענוג צו האַנדלען און וואַנדלען. צייט מאַכן אַ היים פאַר דיר, דו זאָלסט זיין מיט אַנדערע יינגלעך פון דיין עלטער און שלאָגן ערגעץ וואָרצלען״, האָט ער גערעדט צו מיר אויף דעם וועג. אָבער עס איז ניט באַשערט געווען. די זעלבע נאַכט איז ער קראַנק געוואָרן. אויף מאָרגן איז ער געשטאָרבן. פונקט ווי די מאַמע איז ער אויסגעגאַנגען פלוצים. ער האָט ניט געקענט פאַרגעסן די מאַמע! בין איך געבליבן אַ קיילעכדיקער יתום.

העי, פערד מיינער, אייל זיך צו,
ערגעץ איז פאַראַן אַ לאַנד פון רו.
ווייל אַלט בין איך און מיד,
נאָר יונג ווען כ'זינג מיין ליד.

(ציגיינער ליד)

מיין מאַמעס ברודער איז געווען אין אַמעריקע. האָבן די יידן פון שטעטל געשריבן צו אים און ער האָט מיר געשיקט אַ שיפסקאַרטע. נאָכ־

אַמאָל וואַנדערן! נאָכאַמאָל אַ נייע היים! און אין אַ ווינטערדיקן פרימאָרגן בין איך אָנגעקומען אין אַמעריקע.

איך בין אַלט געווען זעכצן יאָר, און זיך געפילט ווי אַן אַלטער מאַן. איך האָב דעם פעטער קיין מאָל פריער ניט געזען. ער איז געקומען אין אַמעריקע איידער איך בין געבאָרן געוואָרן. איך האָב געטראַכט, אַז ער וועט אויסקוקן ווי די מאַמע, אָבער פאַר מיר איז געשטאַנען אַ פרעמדער מענטש, אויסגעמאַטערט, מיט מוטנע וואַסערדיקע אויגן, אַ ביסל האָר אויפן קאָפּ, און דאָס רעכטע אויג האָט געהאַלטן אין איין פינטלען. עס איז מיר געוואָרן זייער שווער אויפן האַרצן.

דער פעטער בענדזשאַמין האָט געהאַט אַן אייגן הויז אין ברוקלין. געווען אין די „דזשאָנק"־געשעפטן, און געוואָרן גאַנץ פאַרמעגלעך. ער האָט דאָס מיר דערציילט מיט שטאָלץ, כאָטש ער האָט צוגעגעבן: „איך האָב זיך גענוג אָנגעמוטשעט אין דעם גאָלדענעם לאַנד! די ביינער אויסגע־אַרבעט. אָבער איצט, דאַנקען גאָט, אַרבעטן אַנדערע פאַר מיר! מען וועט שוין פון הונגער ניט שטאַרבן".

דאָס הויז איז געווען אַ שיינס, אַ ווייס געפאַרבטס מיט אַ דאַך פון רויטע שינדלען. עס איז געווען אַרומגערינגלט פון ביימער און קוסטעס בלומען. אַ וויסער שטאַכעטע האָט אַרומגערינגלט דעם גאָרטן. עס איז געווען אַ נייע געגנט מיט ווייניק הייזער. דאָ און דאָרטן האָט מען גע־בויט. די גאַס איז געווען אַ פריש ברוקירטע און אַלץ האָט געשמעקט מיט נייקייט און אויפקום.

איך בין זייער איבערראַשט געוואָרן, ווען איך האָב געזען די מומע. געמיינט, אַז ס'איז זיין טאָכטער. אָבער ווען ער האָט מיר פאָרגעשטעלט, בין איך געשטאַנען פריטשמעליעט און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. זי איז געווען יונג און פריידיק: שוואַרצע, שיינענדיקע אויגן, ראָזעווע באַקן, הויך, שלאַנק, מיט אַ זוניקן שמייכל. זי האָט מיך גענומען פאַר דער האַנט, אַריינגעפירט אין הויז, אַוועקגענומען מיינע זאַכן, דערנאָך אַריינ־גענומען מיין פּנים אין אירע בײדע הענט, און אַ וואונק געטאָן צום פעטער: „אַ פיינער יינגל! איך האָף, אַז ער וועט געפינען אַ גוטע היים ביי אונדז."

די ערשטע נאַכט האָב איך ניט געקענט שלאָפן. געהאַט אַ גאַנצן חדר פאַר מיר אַליין, צוויי גרויסע פענצטער, אַ ווייכע, ציכטיקע בעט — אַלץ

אַזוי פיין מעבלירט. אָבער מיט דעם אַלעמען איז קיין פרייד אין מיין האַרצן ניט געווען. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געהאַלטן אין איין כליפּען. פאַרוואָס ?... גאָט ווייס.

דער טאָג האָט זיך אויסגעשיילט פון דער פינצטערניש, און אַ מאַטאָווע ליכט איז אַריינגעדרונגען דורך דעם פענצטער. איך האָב ניט געוואוסט, וואָס מיין מאָרגן וועט זיין! איך האָב ניט געוואוסט, וואוהין מיין וועג וועט פירן!... און אין מיין געדאַנק איז געווען געבליבן אַ משונהדיק בילד: פלאַמען, דאָס פעלד, דאָס שטעטל, די פאַרברענטע קאַשטאַנען־ביימער, די קינדער, וואָס זיינען אין שטעטל פאַרבליבן, דער איידעלער פּנים פון מיין מאַמען, דער אומעט פון מיין טאַטנס אויגן, וועגן, וועלדער און וועלדער, דער פעטער בען, מומע פאַניע. איך האָב געוואָלט וויסן, וואָס וועט דאָ ווערן פון מיין לעבן? און ווען איך בין אַנדרימלט געוואָרן, האָב איך אין חלום געזען ווי רויטע פלאַמען האָבן זיך געריסן צום הימל! געזען אַ פעלד מיט צעשראָקענע יידן, טאַטע, מאַמע, דערנאָך בין איך געבליבן איינער אַליין! אַליין!...

# אַמעריקע

איך געפֿין זיך אין אַ זומער־פּלאַץ אין די בערג. אַרום מיר פּעל־דער מיט תבואה, גראָזן און בלומען, גרינע לאָנקעס. אַ זאַמדיקער וועג שלענגלט זיך אַרונטער צום טאָל און ווערט פֿאַרלוירן צווישן בערעזע־בוימער. דאָס וואַסער פֿון דעם טײַך שפּיגלט זיך אין דער זון. ס'איז גוט צו טראַכטן און זיך דערמאָנען עפּיזאָדן פֿון מײַן לעבן.

איך וואוין אין אַ הויז אויף דער זיבעטער גאַס ניט ווײַט פֿון איסט ריווער. ביים אַרײַנגאַנג — פּעסלעך מיסט, פֿינצטערע קאָרידאָרן, גאַז־ליכט זשומעט און צאַנקט, דומפּיקע לופֿט, שטויב און שפּינוועב. הילצערנע, אויסגעטראָטענע, גליטשיקע טשיגן, בלינדע טירן, קאַלטע פּאָדלאָגעס. די ווענט סקריפּען און קרעכצן, ווי אַלטע, מידע מענטשן. דו טאַפּסט מיט די הענט ווי אַ בלינדער.

מײַן טיר איז נומער דרײַ אויף דעם ערשטן גאָרן. ביי דער זײַט אַ פֿענצטער פֿאַרדעקט מיט שטויב און פֿאַרשטעלט פֿון אַ בלינדער וואַנט. אַ שמאָלע בעט, אַ קליינע שאַפֿע, אַ שטול, אַ טישל. די קליידער הענגען אויף דער טיר און דאָס גאַז־ליכט פֿאַרשפּרייט שאָטנס איבערן גאַנצן חדר.

די משפּחה־מענטשן, מיט וועמען איך וואוין, זײַנען לאַנדסלײַט. אין דער היים, אין פּאָליעסיע, האָבן מיר געוואוינט אַ הויז לעבן אַ הויז. געווען אָרעם ווי די מײַז, אָבער אייגענע כאַטעס האָבן מיר געהאַט. אונדזער הויז האָט געהאַט אַ שפּייכלער און אַ גאָרטן. מיר פֿלעגן פֿאַרזייען ציבעלעס, קאַרטאָפֿל און רעטעכלעך. איך געהאַט אַ פּאָר ווײַנשל־ביימער. ווען זיי האָבן געבליט, איז אין אונדזער היים געווען פֿרילינג. מיר האָבן געלעבט מיט גרויס דערוואַרטונג אויף דעם, וואָס דער גאָרטן און די ביימער וועלן אונדז געבן.

דער טאַטע איז געווען אַ הויכער מיט ברייטע פּלייצעס. ער האָט געהאַט אַ זון־פֿאַרברוינט פּנים, גרויע, וואַרעמע אויגן, ברייטע ליפּן. דער שטערן איז געווען צעקנייטשט ווי אַ צעאַקערט פֿעלד. ער האָט זעלטן געשמייכלט. געווען אַן אומעטיקער, אַ פֿאַרטראַכטער. זיינע אויגן — טיף און פֿאַרוואָלקנט, און אַ שווערער שווייגן האָט איינגעהילט דאָס הויז.

* * *

איך גיי אַרויף פֿאַמעלעך די טרעפּ. איך אָטעם אַריין דאָס לעבן, וואָס שרייט אַרויס פֿון הינטער פֿאַרמאַכטע טירן. בין מיד, דיביינער טוען ווי. איך אַרבעט שווער, טראָג אַ גאַנצן טאָג שווערע פּעקלעך, און נאָך דער אַרבעט בייגט זיך דער קערפּער צו דער ערד.

דער טאַטע שרייבט מיר אין אַ פּערלדיקן יידיש:

„עמעצער האָט אונטערגעצונדן די יידישע טייל פֿון שטעטל — אַלץ איז פֿאַרשוואונדן אין פֿלאַמען! און, ווי, עס האָט אונדז ניט אויסגע־לאָזט! דאָס הויז, דער שטאַל, דער שפּייכלער זיינען אָפּגעווישט פֿון דער ערד. אַלץ איז אַוועק מיטן רויך, די ערד איז שוואַרץ ווי דער יידישער מזל. גאָט האָט אויסגעגאָסן דעם צאָרן אויף אונדז!"

ער שרייבט ניט, אַז איך זאָל שיקן געלט. דער טאַטע איז צו שטאָלץ פֿאַר דעם. ער מאַכט נאָך דעם אָנשטעל, אַז אַלץ וועט זיך ענדיקן ווי עס דאַרף צו זיין. ער שרייבט:

„גאָט איז אַ פֿאָטער, ער גיט אַכטונג אַפֿילו אויף אַ ווערעמל אונטער דער ערד. ער וועט אונדז ניט פֿאַרלאָזן! — יידן דאַרפֿן ליידן, דאָס איז זייער גורל. מיר זיינען זינדיק. מיר האָבן פֿאַרגעסן, אַז מיר זיינען מער ניט ווי שטויב און אַ ווינט קען אונז פֿאַרטראָגן. מיר זיינען מער ניט ווי שטרוי, וואָס דער פֿייער קען פֿאַרניכטן. מיר פֿאַרגעסן אָן גאָט, מיר טראַכטן אַז מיר זיינען קלוג. קומט גאָט און מאַכט אונדז צו קליין־געלט. באַווייזט אונדז, אַז מיר זיינען מער ניט ווי מילבן קעגן זיין גרויסקייט און זיין מאַכט".

האָב איך אַוועקגעשיקט די לעצטע פּאָר גראָשן און אַלע מיינע פּלענער זיינען צו גאָרניט געוואָרן. נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, זיך גיין לערנען, איז פֿאַר מיר געווען אוממעגלעך. פֿון גרויס מידקייט האָט דער קאָפּ ניט גע־

קענט קיין סך באַנעמען. ווען דער לערער פרעגט עפּעס, ווייסטו ניט וואָס צו ענטפערן. דו קוקסט אויף אים ווי אויף אַ פרעמדן, ווי דו וואָלסט אים קיינמאָל ניט געזען.

* * *

נאָכן עפּענען די טיר טרעף איך באַשען מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ. אַ־נאָר זי האָט קאָפּ־ווייטיק! אַ־נאָר זי קרעכצט! די קינדער ווייסן שוין מער ניט וואָס צו טאָן. דער מאַן, אַ פּרעסער פון הויזן, אַליין אַ דערשלאָ־גענער, איז פאַרצווייפלט און הילפלאָז. שליימקע האָט שוין זי גענומען צו אַ סך דאָקטוירים. מען נעמט צו דאָס געלט און מען טוט גאָר ניט.

איך קען ניט זיצן אין מיין חדר אָן פענצטער. עס שמעקט מיט שטויב און ווילגאָטש. די פּאָר ביכער אויפן טיש בעטן זיך זיי עפענען. איך נעם איינס אין האַנט, בלעטער, קוק מיט מידע אויגן און זע קוים די ווערטער. איך בין ניט הונגעריק. איך וויל ניט אַריין אין הויז. איך קען אין דעם מאָמענט ניט פאַרטראָגן באַשען. איך קען ניט פאַרליידן אירע טרערן, וויל ניט זען אירע צוויי מוידן, וועלכע פלאָנטערן זיך פאַר די פיס, ריידן אַלע מאָל אויף די הויכע טענער. דו ווייסט קיין מאָל ניט צי זיי ריידן, אָדער זיי קריגן זיך.

גיי איך אַוועק צום „איסט ריווער". האַרט ביים וואַסער איז דאָ אַ הילצערנער האַפן. אַלע מאָל קען מען דאָרטן געפינען אַ פּאָר ליידיקגייער. זיי זיצן און וואַרעמען זיך אין דער זון און ריידן זעלטן. קענסט זיצן אַליין מיט דיינע געדאַנקען און קיינער שטערט דיר ניט, קיינער פרעגט דיר גאָרניט. מען לאָזט דיך צו רו.

דאָס מאָל איז קיינער ניט געווען. האָב איך זיך אַוועקגעזעצט, פאַר־מאַכט די אויגן און גאָר ניט געטראַכט. אַ ווינטל בלאָזט, איך הער דאָס קלאַפּן פון די כוואַליעס, דעם רוף פון שלעפּ־שיפלעך און באַרזשעס. איך ווייס, אַז די זון פאַרגייט, און לאַנגע שאָטנס שפּרייטן זיך אויס. איך הער דעם רויש פון דער שטאָט. איך הער דאָס קלאַפּן פון מיין האַרצן.

אַכצן יאָר איז אַ צייט פון גרויס פרייד, אָבער אויך פון גרויס לייד. ווי אַן אומרו פון אַ זייגער, רייסט דאָס האַרץ זיך הין און צוריק. די גרעסטע עלנדקייט פון מיין לעבן האָב איך געפילט אין די דאָזיקע יאָרן. פאַנטאַזיעס פון טויזנט און איין נאַכט, לופט־שלעסער, חלומות,

אַ מעכטיקער ווילן צו לעבן, און אָפּט — צו שטאַרבן. כ׳האָב געבענקט נאָך מיין אַלטער היים, נאָך די קאַשטאַנען־ביימער, טייכן, וועלדער, זון־באַרגאָסענע לאָנקעס, נאָך אונדזער האַלב פאַרזונקען הויז מיט דעם שטרויענעם דאַך און קליינע פענצטער.

* * *

באַשע וויל איך זאָל נעמען איר עלטערע טאָכטער, עלקע, פאַר אַ ווייב. זי איז מסתמא צען יאָר עלטער פון מיר. זי האָט פלאַכע ברוסטן, און אויגן, וואָס שפּאַרן זיך פון קאָפּ אַרויס. ווען איך קום שפּעט אַהיים, דרייט זי זיך אַרום האַלב־נאַקעט, און עס הייסט, אַז צווישן אייגענע מענטשן מעג מען. נאָך אַלעמען זיינען מיר דאָך ניט קיין פרעמדע! נו, אַז מיר וועלן חתונה האָבן, וועט זי דאָך איר קערפּער פון מיר ניט באַהאַלטן! זי רעדט ניט קיין וואָרט, אָבער אַלץ איז קלאָר.

זי איז אַלע מאָל גרייט צו טאָן עפּעס פאַר מיר. עס איז איר אומעטיק צו עסן אַליין. „זעצט זיך אַביסל לעבן מיר — רוט זיך אָפּ! וואָס לויפט איר אַרום אַזוי פיל? עס איז אַזוי באַקוועם אין הויז. איר דאַרפט נאָר, אַז עמעצער זאָל אַכטונג געבן אויף אייך!"

איך האָב געטראַכט, אַז עס איז שוין צייט זיך אַרויסצוקלייבן פון באַשעס הויז. גענוג שוין. אָבער וואוהין? וואָס וועט פּאַסירן, אַז איך וועל ניט אַרבעטן? וואו וועל איך דעמאָלט נעמען צו באַצאָלן פאַר דעם חדר? נאָר אַ מענטש טראַכט, און גאָט לאַכט!

איין אָוונט בין איך געקומען שפּעט אַהיים. אין הויז איז געווען פינצטער. געווען זיכער, אַז אַלע שלאָפן שוין. בין איך אַריין אין מיין חדר, אויפגעמאַכט דאָס ליכט און געבליבן שטיין געפּלעפט. עלקע איז געלעגן אין מיין בעט, צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע. זי האָט געקוקט אויף מיר און נעבעכדיק געשמייכלט. זי איז געווען זייער בלייך. איך האָב זיך פאַרשעמט און דערשראָקן קוקנדיק אויף איר. אין פּאַניק בין איך אַרויסגעלאָפן פון חדר, אַרונטער די שטיגן צו דער נאַכטיקער שטאָט.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן. איך האָב ניט געוואוסט וואו אַהין מען גייט און וואָס מען טוט מיט זיך. איך בין אַריין אין אַ קאַפעטעריע וואָס איז אָפן אַ גאַנצע נאַכט און גענומען

עפּעס עסן. איך האָב אָבער קיין ביסן ניט געקענט אַרונטערשלינגען. איך האָב געטראַכט, אַז דאָס לעבן איז אי טראַגיש, אי קאָמיש: אַ מאַמע האָט פאַרזעסענע טעכטער.ביידע זיינען ניט קיין שיינע. די עלטערע האָט שוין באַלד אויפגעגעבן די האָפענונג צו זיין אַ ווייב, צו האָבן אַ קינד. נו, באַשליסט זי, עס איז בעסער אַריינקריכן אין אַ יונגגמאַנס בעט איידער בלייבן פאַרדאַרט און עלנט דאָס גאַנצע לעבן.

איך האָב זיך אַרויסגעקליבן דעם זעלבן טאָג. איך האָב געקראָגן אַ פיין צימער, מיט אַ באַזונדער אַריינגאַנג, מיט אַ פענצטער צום הויף. עס איז טאַקע געוועזן אַ ביסל טייער, אָבער איך האָב באַשלאָסן בעסער שפּאָרן פון עפּעס אַנדערש. דערווייל גלעט שוין די זון דאָס פענצטער. איך דערפיל אַ גרויסע פרייד, ווען איך זע אַ שטיק בלויען הימל. איך קוק אַרונטער אין הויף און ווער באַגייסטערט: אַ בוים באַגאָסן מיט זון. לעבן בוים אַ באַנק און פלעקן פון גרינעם גראָז.

ביינאַכט גיי איך לערנען. וויל שטאַרק וויסן דעם ענטפער אויף אַ סך רעטענישן. חוץ דעם איז דאָרטן דאָ אַ מיידל וועלכע איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע. זי איז פון מיטעלן וואוקס, האָט גרויסע ברוינע אויגן, האָט אַ פיין געשניצטן מויל, די האָר פאַרקעמט גלאַט אַרונטער, טראָגט קליידער אויף אַ רוסישן שטייגער און האַלט זיך אַריסטאָקראַטיש. זי שענקט מיר זייער ווייניק אויפמערקזאַמקייט. זי וואַרפט מיר צו אַ מאָל אַ שמייכל, אָבער דאָס איז גלאַט אַזוי זיך, ווי גאַרניט מיינענדיק.

מיר האָבן איינמאָל צוזאַמען פאַרלאָזן די שול. אין דרויסן האָט אַ יונגערמאַן געוואַרט אויף איר. זיי האָבן ביידע זיך צעלאַכט, זיך אָנגענומען ביי די הענט און אַוועקגעגאַנגען. איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרטשמעליעטער. די שטאָט איז אין איין סעקונדע פאַרפרוירן געוואָרן. איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און געוואונטשן, אַז דער טויט זאָל שנעל קומען און אויף אייביק אָפּשטעלן דאָס קלאַפּן פון מיין האַרצן.

אין מיין חדר בין איך געזעסן מיט אַ בלייפעדער אין האַנט און געהאַלטן אין איין שרייבן איר נאָמען: קאַטיע, קאַטיע. וואָס פאַר אַ וואונדערלעכער נאָמען! ער האָט מיר דערמאָנט אָן דעם טייך פון אונדזער שטעטל, אָן די ענדלאָזע וועלדער פון פּאָליעסיע, אָן די שיקסעס, וועלכע זיינען געשטאַנען האַלב־נאַקעטע ביים טייך, וואַשנדיק וועש. איך האָב

זיך דערמאָנט אַז די אָוונטן, ווען דער הימל איז געווען בלוי, און די גרינ־קייט פון די בוימער צאַרט. איך פלעג זיצן אויף דער שוועל פון אונדזער כאַטע און זיך איינהערן צו דעם מורמלען פון טייך. קאַטיע האָט מיך אַן אַלץ דערמאָנט.

איך האָב באַשלאָסן מער אין שול ניט גיין. פון מיין לערנען וועט אַלצאיינס גאָר ניט ווערן: איך וועל טראָגן פעקלעך מיין גאַנץ לעבן! איך וועל האָבן נאַרישע טרוימען ביז צום סוף פון מיינע טעג. אויב דער טויט וואָלט דאַן געקומען, וואָלט איך אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס. איך בין געווען מיד פון מיין איינזאַם לעבן, פאַרצווייפלט פון מיין עלנט־קייט.

אין שול בין איך מער ניט געגאַנגען. אַ בריוו פון לערער איז געלעגן אויף דעם טיש ניט געעפנט. אַפילו אַ נייעם בוך אין האַנט ניט גענומען. איך האָב געאַרבעט שווער אַ לאַנגע צייט, אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט און אין איין שיינעם טאָג אַוועקגעוואָרפן מיין שטעלע און באַשלאָסן עטלעכע חדשים גאָר ניט צו טאָן. איך האָב ניט וואָס צו פאַרלירן.

בין איך אין די טעג געווען אין מיין חדר, און אין די נעכט זיך אַרומ־געשלעפּט איבער די גאַסן. פלעג קומען פאַרטאָג אַהיים, זיך אַוועקלייגן, מיט די קליידער אין בעט און שלאָפן ביז שפּעט בייטאָג, אָדער ליגן שעהן לאַנג אין בעט און קוקן אויף דעם הימל. און מאָדנע — מיינע געדאַנקען יענע טעג זיינען געווען וועגן זעלבסטמאָרד. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס וועט זיין דער בעסטער ענטפער אויף מיינע צרות. מיט מיין גאַנצן וועזן האָב איך זיך געגרייט צום טויט.

* * *

אָבער אָט דערמאָן איך זיך גאָר אַן אַנדער עפּיזאָד:

עס איז געווען נאָך אַ רעגן. די גאַס איז געווען נאַס און די עלעקטרישע ליכט־שילדן האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דעם טראָטואַר. איך געדענק מער ניט דעם נאָמען פון דער גאַס. איך וועל אָבער ביז מיין לעצטן אָטעם געדענקען די וויזיע, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען!

הויכע הייזער מיט טויזנטער פענצטער. מיליאָנען עלעקטרישע ליכט. טורעמס, וואָס שפּאַרן זיך צו די וואָלקנס. בליענדיקע בוימער מיט פּרי־לינג־צוויט, מענטשן אין אַן אומענדלעכן שטראָם טראָגן זיך פאַרביי. איך בין געשטאַנען פאַרגאַפט, ווי פאַר אַ מעשה פון „טויזנט און איין נאַכט״.

איך האָב זיך דעמאָלט פאַרליבט אין אַמעריקע, אין איר ריזיקייט, איר שוואונג, דער קאָלאָסאַלקייט פון איר אָטעם, איר רייסן זיך צום הימל, איר ווילן צו דערגרייכן די שטערן און זיך פאַרמעסטן מיט גאָט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל, אַז דאָ ווערט באַשאַפן אַ ווערק, וואָס וועט ענדערן די וועלט, אַז דער זינגענדיקער מאָרגן וועט לעבן אין דער אייביקייט.

איך בין געווען זיכער, אַז דער היינטיקער טרוים וועט ווערן די מאָרגנדיקע וואָר; אַז די מענטשלעכע פאַנטאַזיע וועט אָפּווישן אַלע גרעניצן; אַז איך, דאָס יידיש יינגל פון פאָליעסיע, וועל געפינען מיין אָרט אין דעם גרויסן וואונדער וואָס איז אַמעריקע.

# דאָס הויז מיטן ווייס־געפאַרבטן דאַך

ס׳איז שפּעט־האַרבסט. פאַרגעלטע בלעטער קלאַמערן זיך נאָך אויף די צווייגן. די פעלדער בלענדן מיט קאָלירן פון פאַרגיין. דאָ און דאָרט זעט מען נאָך גרינע לאָנקעס, גראָז, וואָס וויל ניט שטאַרבן. די זון פאַרגייט מיט רויטע צעצונדענע וואָלקנס אויף די שפּיצן פון די בערג.

מילמאַן פאַרמאַכט דאָס פענצטער. זיין פּנים איז צוגעדריקט צו דער שויב, זיינע אויגן וואַנדערן פון בערגל צו בערגל. אין טאָל איז שוין טונקל. די נאַכט נידערט מיט שוואַרצע כוואַליעס. איבער די בערג ציטערן נאָך פעדים פון ליכט, נאָר זיי וועלן באַלד אויך שטאַרבן.

דעם טאָל האָט די נאַכט פאַרשלונגען. דער הימל צאַנקט מיט די לעצטע פאַסן ליכט, און די שטאָט איז ערגעץ מיילן הינטער די בערג.

אין הויז איז שטיל, דער גרויסער חדר אָטעמט מיט נאַכט. די פינצ־טערניש פאַרשלינגט אים. ער איילט זיך ניט אָנצינדן דאָס ליכט. עס איז זייער געמיטלעך צווישן די דיקע ווענט פון דעם הויז. די טירן זיינען פאַרשלאָסן. ער איז איינער אַליין.

דאָס הויז אויף דעם בערגל אין קאָנטרי האָט מילמאַן אויסגעבויט נאָך שווערע יאָרן פון פּראַצע. ער האָט ליב געהאַט זיין פרוי, אסתרן, ביז משוגע ווערן: ער האָט זיך אָבער געשראָקן, אַז אין אַ שיינעם טאָג וועט זיך אַלץ צווישן זיי ענדיקן, ווייל זי האָט אים ניט ליב. ער האָט געטראַכט, אַז אויב דאָס זאָל פּאַסירן, וועט עס זיין זיין סוף. ער וועט קיינמאָל ניט קענען לעבן אָן איר!

און אסתר איז געוואָרן שענער פון טאָג צו טאָג. אַ קערפּער — שלאַנק, בויגזאַם ווי אַ יונגער בוים; איר יעדע באַוועגונג איז געווען פול מיט פריידיקער דערוואַרטונג; אירע ליפּן זאַפטיקע, די אויגן ליכטיקע; איר גאַנצער קערפּער איז געווען פול מיט פריידן, און צוזאָג!

דער אומבאַוואוסטער שרעק, אַז זי וועט פאַרשווינדן פון זיין לעבן,

איז שטענדיק געווען מיט אים. ער האָט זיך געפילט אַ ביסל זיכערער, ווען דאָס ערשטע קינד איז געבאָרן געוואָרן. אָבער דער צווייפל איז קיין מאָל ניט פאַרשוואונדן פון זיין האַרצן. ווען דערפאַלג איז געקומען, האָט זי נאָר געדאַרפט עפענען דאָס מויל און איר וואונטש איז דערפילט געוואָרן. אַ שיינע היים, בוימער, בלומען, דינער און דינסטן — אָבער צו דעם אַלעמען האָט עפּעס געפעלט. דער עפּעס, וועלכן מען קען פאַר געלט ניט קויפן. ער האָט געהאַט דעם געפיל, אַז זי איז נאָך ווייטער און פרעמדער געוואָרן צו אים.

* * *

מילמאַן האָט שוין געהאַט אַ סך פאַבריקן, הונדערטער אַרבעטער. באַר־זשעס, שלעפּ־שיפלעך, פּראַכט־באַנען, האָבן צעפירט די מעטאַלענע רערן איבער דער גאַרער וועלט. אַן אייביקע באַוועגונג, אַ פיבערדיקע טעטיקייט, אַ געשריי פון מאַשינען, אַ פייערדיקער אָטעם האָט געברויזט אָן אויפהער.

מילמאַן איז געווען דער פירער פון דעם אַלעמען, אָבער ניט די טרייב־קראַפט. די טרייב־קראַפט איז געווען אסתר. זי האָט אים געשטויסן צו נייע אונטערנעמונגען, צו ריזיקאַלישע שפּילן. פיל מאָל האָט ער עס געטאָן ווי אין חלום. ער האָט ניט געקענט אויפהערן. ער מוז ווייזן אסתרן, וואָס ער קען אויפטאָן. ער איז ניט אַבי ווער. אָבער אין האַרצן איז געווען שרעק. ער האָט געפילט, אַז זיין גאַנץ לעבן וועט ער לעבן אין צווייפל און ניט וויסן וואָס זי וועט מאָרגן טאָן, אייביק גיין אויף דין אייז און קיין מאָל ניט וויסן, ווען זיינע פיס וועלן אַראָפּזינקען אין אָפּגרונט.

און די הויפּט־פאַבריק איז געוואַקסן, גרעסער געוואָרן פון טאָג צו טאָג. די ריזיקע געבידע איז געווען ביי די ברעגן פון האָדסאָן טייך. דער גערודער פון די מאַשינען האָבן קיין מאָל ניט אויפגעהערט. די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען אין שיכטעס. אַ טייל אַרבעטער איז אַוועק אַהיים, און אַן אַנדער גרופּע האָט איבערגענומען. שטאָלענע רערן האָבן זיך געצויגן ווי אָדערן אומעטום. גאַנצע ווענט פון פענצטער האָבן ווי פאַרשטויבטע אויגן אַרויסגעקוקט צום טייך. שטיין און אייזן! און מענטשלעכע הענט האָבן זיך באַהעפט און געאָטעמט מיטן זעלבן לעבן.

זיין אָפיס איז געווען אויף דעם פערציקסטן גאָרן פון אַ בראָדוויער געבידע. אַ גרויסער באַלקאָן האָט אַרומגערינגלט דעם גאַנצן שטאָק. ביי־נאַכט האָט די שטאָט אויסגעקוקט צויבערדיק. די מיליאָנען ליכט האָבן

פֿאַרוואַנדלט אַלץ אין אַ לעגענדע. אַ סך נעכט איז ער געזעסן אויפֿן באַלקאָן און געדרימלט. ער איז געווען ווייט פֿון דער ערד און נאָענט פֿון הימל. די שטערן איבערן קאָפּ האָבן ווי אנגעוואונקען אויף אַ נייעם וועג, וועלכער פֿירט צו דער אייביקייט.

* * *

מילמאַן פֿלעגט קומען אַהיים און זעלטן געפֿינען אסתרן אין הויז. די דינסטן און דינער האָבן זיך באַצויגן מיט אַ געוויסער גרינגשעצונג צו אים. זיי האָבן זיך געהאַלטן קאָרעקט און אויסגעפֿאָלגט זיין פֿאַרלאַנג, אָבער ער האָט געוואוסט, אַז דאָס איז ניט מער ווי אָנשטעל.

אַנאַבעל, די טאָכטער, איז שוין געוויינלעך געשלאָפֿן. פֿון צייט צו צייט פֿלעגט ער זיך שטילערהייט צושאַרן צו איר חדר, עפֿענען די טיר און אין דער פֿינצטערניש הערן אַנאַבעלס אָטעמען. ער פֿלעגט פֿילן ווי זיך איבערבויגן איבער איר בעטל און קושן אירע ליפּעלעך, אָבער ער האָט מורא געהאַט דאָס צו טאָן. אַנעטע וועט באַלד אַריינלויפֿן און שטרענג אַ זאָג טאָן: „אָ, פּליז, מיסטער מילמאַן, דאָנט וועיק אַפּ די טשיילד!"

פֿלעגט ער ליגן אין זיין חדר און ניט קענען שלאָפֿן. אסתרס צימער איז געווען אויף דער אַנדערער זייט פֿון קאָרידאָר. פֿלעגט ער וואַרטן אויף אירע פֿוסטריט און דערנאָך שטיל פֿאַרמאַכן די טיר. ער פֿלעגט ליגן אין דער פֿינצטערניש און טראַכטן ווי גוט עס וואָלט געווען צו זיין מיט איר, זי צערטלען און איר זאָגן ווי שטאַרק ער האָט זי ליב.

זיין קערפּער וויטאָגט מיט אומרו. געדאַרפֿט האָט ער צוגיין צו איר טיר, שטיל אָנקלאַפּן און וואַרטן זי זאָל אים אַריינלאָזן. ער ווייס אָבער וואָס עס וועט זיין. ער האָט שוין דאָס אַזוי פֿיל מאָל פּרובירט, און איז אַוועק אַ באַליידיקטער, אַ צעוויטאָגטער. ער ווייס, אַז זי וועט עפֿענען אַ שפּאַרונע פֿון דער טיר, זי וועט זיין אָנגעטאָן אין איר זיידענעם שלאָף־ראָק. זי וועט אַ בלייכן שמייכל טאָן, און אַ זאָג טאָן: „אָ, ניט היינט, דאַרלינג, איך בין אַזוי מיד! וואָס פֿאַר אַ ווייב וועל איך קענען זיין צו דיר?" זי וועט אַ ליבלעכן שמייכל טאָן און פֿאַרמאַכן די שפּאַרונע פֿון טיר, און ער וועט זיך שאַרן אין פֿינצטערן קאָרידאָר צוריק אין זיין שלאָפֿצימער.

און אַזוי איז געווען. אין יענע יאָרן האָט ער זיך אָפּגעשיידט פֿון דער וועלט, געווען ווי אַ פֿערד מיט פֿאַרבונדענע אויגן, וועלכער שלעפּט אַ

ראַד, דרייט זיך אַרום און אַרום, אייביק אין זעלבן קרייז. עס האָט ניט קיין אָנהייב און קיין סוף! איין וועג, איין ציל, ניטאָ קיין גאָט, ניטאָ קיין מענטשן, נאָר ער און אסתר. אַפילו דאָס קינד האָט ניט געמיינט קיין סך אין זיין לעבן. געוויס האָט ער עס ליב געהאַט, געוויס האָט ער עס געוואָלט זען גליקלעך. אָבער דאָס איז געווען אַ ביי־זאַך. די הויפּט־זאַך איז געווען אסתר! זי איז איבער אַלץ און אַלעמען, אַפילו איבער גאָט.

ער איז געווען אַזוי מיד, אַז די ערד איז געווען שווער אונטער זיינע פיס. די גרויקייט אין קאָפּ איז געווען זיין שטענדיקער גאַסט. ער איז געבליבן אַלץ מער אַליין. איינזאַם. סיימאַן איז שוין אַלט געווען צען יאָר, האָט געלערנט אין אַ פּריוואַטער שול און איז אַהיימגעקומען אַ פּאָר מאָל אַ יאָר. פון צייט צו צייט פלעג ער אים קומען זען. אַ ווייל איז מילמאַן געווען גליקלעך. דערנאָך געפאָרן צוריק אין שטאָט מיט אַ ליידיק האַרץ. די רייזע האָט אים געגעבן אַ געלעגנהייט צו טראַכטן אַ סך, אָבער קיין מאָל האָט ער זיך ניט געקענט דערטראַכטן צו אַ ציל. זיינע געדאַנקען זיינען געווען ווי אַ קנויל פאַרפּלאָנטערטע פאָדים, וועלכן מען קאָן מער ניט אויספּלאָנטערן.

* * *

אויף איינער פון די רייזעס קיין „ניו העמפּשאַיר" האָט פּאַסירט די וואונדערלעכסטע זאַך אין זיין לעבן. מילמאַן איז געווען זייער מיד. עס איז געווען אין מיטן אַפּריל, און די לופט איז געווען פייכט און קיל. די זון איז שוין געווען פאַרגאַנגען, און דורך דעם דינעם נעפּל האָבן זיך באַוויזן שטערן. ער איז געווען אַליין אויף דעם וועג. אין דער שטילקייט האָט ער נאָר געהערט דעם קרעכציקן אָטעם פון זיין אויטאָמאָביל. ער האָט געפילט, אַז ער ווערט אַנטדרימלט, און געטראַכט, אַז ער וואָלט בעסער געדאַרפט אָפּשטעלן די קאַר אַ ווילע אויף אַ זייטיקן וועג איידער דער שלאָף וועט אים ביייקומען. ס'איז אַ גרויס געפאַר אַזוי צו פאָרן.

פלוצלינג האָט ער פון דער ווייטן דערזען אַ רויט עלעקטריש ליכט. מילמאַן האָט זיך געוואונדערט פון וואַנען עס קומט. ער איז אַזוי פיל מאָל שוין געפאָרן אויפן זעלבן וועג און עס קיין מאָל ניט געזען. ער האָט אַרונטערגענומען די פוס פון דעם גאַז ביז די קאַר האָט פּאַמעלעך זיך באַוועגט און ער האָט געקענט אויסגעפינען וואו ער איז אין דער וועלט. ער האָט געזען אַ זאַמדיקן וועג צווישן יונגע ביימער.

איז ער געפאָרן נאָך אַ פּאָר מייל ביז ער האָט פּלוצלינג געהערט דאָס האַווקען פון הינט. נאָך דעם אַ ווייס־געפאַרבט הויז מיט אַ גרינעם דאַך. דערנאָך נאָך הייזער און גערטנער, מיט גרויסע פענצטער. די היי־זער ווייטלעך איינס פון דעם אַנדערן, אָפּגעטיילט דורך גערטנער פון פּרוכט־ביימער. קיין ליכט איז נאָך אין ערגעץ ניט געווען. דער נעפּל איז פאַרשוואונדן, און ער האָט געקענט זען די בערג, וועלכע רינגלען אַרום דעם טאָל. אַלץ איז געווען ווי אַ חלום, אויך גרויס דערוואַרטונג און אומרו!

ער האָט געזען דעם ערשטן בליק פון ליכט. געזען שאָטנס און באַ־וועגונג הינטער פאָרהאַנגען. און אַן אויפשריפט אויף איינס פון די הייזער: „פּאַראַדייז אין". ס'איז געווען אַ קאַפע און טוריסט הויז. ער האָט באַ־שלאָסן צו בלייבן דאָרטן איבער נאַכט. די געשעפטן קאָנען וואַרטן ביז מאָרגן. אַהיים גיין — צו וואָס ?.. אסתר וועט סיי־ווי־סיי אין הויז ניט זיין! לעצטנס פילט ער זיך אַזוי עלנט אין די גרויסע צימערן. דינער, דינסטן — אַלץ אַזוי איבעריק! ער איז עלנט און אַליין.

מילמאַן האָט באַלד געוואוסט, אַז דער פאַרנאַכט וועט שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין זיין לעבן. ער האָט נאָר געעפנט די טיר, האָט ער באַלד געהאַט דעם געפיל, אַז ער איז געקומען אַהיים, געקומען צוריק אין זיין אמתער היים! עפּעס האָט אים דערמאָנט אָן זיינע קינדער־יאָרן, כאָטש קיין זאַך איז ניט געווען דאָס זעלבע. אַן אַלטע פרוי אויף אַ שאָקל־שטול ביים קאַמין, אַ גרויסער דענישער הונט ביי אירע פיס. די ווענט ליים און ציגל, אַלטע אַנטיקן פון קופּער אויף די פּאָליצעס אַרום די ווענט, אַ פּאָר טישן און שטולן, און לאָמפּן אין די ווינקלען. אַ גרויסער פּאָרטרעט פון אַ מאַן אין אַ יוניפאָרם, מיט אַ זייער דעליקאַטן פּנים, מיט גרויסע סענסיטיווע אויגן. אַ געמיטלעכע וואַרעמקייט און שטילקייט האָט אָנ־געפילט דעם חדר.

די אַלטע פרוי האָט זיך ניט אויפגעהויבן. זי האָט געקוקט אויף מילמאַנען און געשמייכלט. זי איז געווען זייער בלייך, נאָר די אויגן זיינען געווען יונגע, ווי אַ באַהאַלטן לעבן וואָלט דאָרט געווען פאַרשטעקט. אירע הענט און פיס זיינען געווען פאַרדאַרט. ער האָט געפילט, אַז זי איז פּאַ־ראַליזירט. איר אונטערשטער טייל פון קערפּער איז געווען טויט, נאָר אירע הענט, ווי דער פּנים, זיינען געווען פול מיט פיבער, און אירע ווייסע האָר זיינען געלעגן ווי אַ קרוין אויף איר קאָפּ.

ער איז געווען אזוי פאַרגאַפּט, אַז ער האָט ניט געזען דאָס אַריינקומען פון אַ יונגער פרוי, זי האָט געהאַלטן פאַר דער האַנט א מיידעלע פון אַ יאָר אַכט, מיט בלאָנדע צעפּלעך, אָנגעטאָן אין א ציצן קליידל, אויסגעצאַצקעט מיט בלימעלעך. די מאַמע איז מער ניט אַלט געווען ווי אַ יאָר פינף און צוואַנציק און האָט געהאַט אַ ווייכן צאַרטן פּנים. זי איז געווען העכער פון מיטעלן וואוקס, מיט בלאָנדע האָר פאַרקעמט גלאַט אַרונטער, מיט טונקעל־בלויע אויגן און בלייכע בלוטלאָזע ליפּן. און אַז זי האָט אַ שמייכל געטאָן צו אים, איז דאָס געווען מיט די אויגן — די ליפּן זיינען געבליבן שטייף און פאַרמאַכט.

ער האָט איר געזאָגט, אַז ער איז מיד, וויל בלייבן איבערנעכטיקן, און געפרעגט צי עס איז מעגלעך קריגן עפּעס עסן, ווייל ער איז הונגעריק. אַ ווילע האָט זי אים אָנגעקוקט און ניט געענטפערט. ווען זי האָט געעפנט אירע ליפּן, האָט ער געזען אַ מויל מיט ווייסע, פּערלדיקע ציין. דאָס קליין מיידעלע האָט געהאַלטן אין איין פּלאַפּלען. די אַלטע פרוי האָט זיך צעשמייכלט. אין צימער איז ליכטיקער געוואָרן — אַ גרויסע פרייד האָט געזונגען צווישן די ווענט. מילמאַן האָט געהאַט דעם געפיל, אַז ער האָט ענדלעך געפונען אַ זין אין זיין לעבן.

אַמאָל איז שווער צו באַשטימען דעם אונטערשייד פון חלום און וואָר. אין דער ערשטער נאַכט, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין דעם הויז, איז ער געזעסן לעבן פייער, זיך געשפּילט מיטן קינד, בשעת די מוטער, דזשוליע, איז געזעסן אויף דער פאָדלאָגע און געקוקט אויף די פלאַמען מיט אַ בענקשאַפט, וואָס האָט אים טיף גערירט. זינט דעמאָלט האָט ער געפילט, אַז דאָס אַלץ איז אַן אַנדער ווירקלעכקייט, וואָס האָט גאָר ניט צו טאָן מיט זיין וואָכעדיקן לעבן. ער האָט געפילט, אַז דזשוליע איז גאָר זיין ווייב, אַז דאָס קליינע מיידעלע, בייבס, וואָס זיצט אויף זיינע קני, איז זיין קינד, אַז ער, מילמאַן, האָט געפונען אַ געהיימע טיר, וועלכע האָט אים געפירט צו אַ נייער עקזיסטענץ.

פון דעם טאָג אָן איז מילמאַנס וועלט ניט געווען די זעלבע. ווען ער פלעגט קומען אַהיים און אסתר איז ניט געווען, האָט אים מער ניט געאַרט. פאַרקערט, ער האָט זיך געשראָקן, אויב זי איז יע געווען. און אַז ער האָט זי יע געטראָפן, האָט ער זי געזען אין אַן אַנדער ליכט. זי איז ניט געווען די זעלבע פרוי נאָך ווען ער האָט געהונגערט זיין גאַנץ לעבן. ער האָט

גיט געקענט פאַרליידן איר פאַרפיום, די דינגע קנייטשעלעך אַרום די ווינקלען פון מויל, דעם מעכאַנישן שמייכל, די אומנאַטירלעכע באַוועגונג פון איר קערפּער, דעם פאַלשן רייץ. צום ערשטן האָט זי געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זי באַמערקט גאָרניט. שפּעטער האָט ער געזען שרעק און צווייפל אין אסתרס אויגן ווען זי פלעגט ליגן מיט אים אין בעט, אים גלעטן, פּרובירן אויפבלאָזן אין אים דעם פונק, וואָס איז נאָך פאַרבליבן. ער האָט זי מער ניט געקענט פאַרליידן. ער האָט געדאַנקט גאָט, אויב זי איז אַוועק און ער איז געבליבן אַליין. ווי זי האָט נאָר פאַרמאַכט די טיר, פלעגט ער עפענען די פענצטער, אַרויסשטעקן דעם קאָפּ און איינאָטעמען די פרישע לופט.

מילמאַן איז מער ניט געווען דער זעלבער. די געשעפטן פאַרנאַכ־לעסיקט — עס איז מער ניט געווען אסתרס טרייב־קראַפט. עס איז פאַר־לאָרן געוואָרן דער אימפּעט, וועלכער האָט אים געטריבן צו דערפאָלג. און די געשעפטן האָבן געליטן. האָט ער באַשלאָסן פּטור ווערן פון אַלצדינג: פאַרקויפן וואָס עס איז נאָך געבליבן און ווערן אַ פרייער מענטש.

אסתר האָט געכליפּעט, אָבער אירע טרערן האָבן מער גאָר ניט גע־מיינט. ער האָט אויף איר איבערגעשריבן אַ היבשע סומע געלט. זי וועט האָבן גענוג צו לעבן אין ראָסקאָש אירע יאָרן. איר איבערגעלאָזן דאָס הויז. דאָס קינד אויך באַזאָרגט. איר וועט גאָר ניט פעלן. — וואָס נאָך וויל זי ? ... אַ גאַנץ לעבן האָט איר ניט געאַרט, וואָס עס וועט ווערן פון אים, אַנאָר זי האָט געהאַלטן אין איין אַנטלויפן פון אים. ווען ער האָט געהונגערט נאָך איר אָטעם — האָט זי פאַרהאַקט די טירן ! ער האָט איר און דאָס קינד געגעבן אַלץ — פאַר זיך געלאָזן ווייניק. איצט וואָס ? וואָס וויל זי איצט פון זיין לעבן !

איז ער זעלטן געקומען אין הויז, זעלטן געזען אסתרן. זי איז גע־וואָרן אַ פרעמדע צו אים, און ער צו איר. זי האָט זיך צוגעוואוינט צום געדאַנק, אַז זי האָט אים פאַרלאָרן. ביסלעכווייז האָט זי אים אָנגעהויבן האַסן. אַ סך מאָל האָט זי אים געגעבן אָנצוהערן, אַז ער זאָל זיך אַרויס־קלייבן פון הויז...

האָט מילמאַן געדונגען אַ הדר אין אַ האָטעל. פון צייט צו צייט איז ער אַוועק אויפן בערגל, זיך אַליין אַרומגעדרייט אין די צימערן און ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך. ער האָט אומגעדולדיק געוואַרט אויפן

פרייטיק, ווען ער פלעגט פאָרן זען דאָס קינד, און צוריקוועגס זיך אָפּשטעלן אין דעם הויז מיט דעם ווייס־געפּאַרבטן דאַך.

און מאָדנע, ער לעבט יעדעס מאָל איבער דאָס זעלבע ווי אין דעם ערשטן אָוונט, ווען ער האָט איבערגעטראָטן די שוועל פון הויז. ער בלאָנ־זשעט פריער און קען ניט געפינען דעם וועג צום הויז. ער ווערט אַזוי דער־שראָקן, אַז זיין קערפּער ציטערט. ער קען ניט פאַרשטיין ווי אַזוי דאָס קען טרעפן! דער זעלבער וועג, די זעלבע בוימער, נאָר דער זאַמדיקער וועג און דאָס הויז ווערן ערגעץ פאַרלאָרן! אין פאַרצווייפלונג טראַכט ער, אַז עס איז ניט מער ווי אַ חלום, אַז ער וועט דזשוליען מער קיין מאָל ניט געפינען.

און פּלוצלינג דערזעט ער דאָס הויז ווי עס וואָלט זיך אויסגעשיילט פון אַ נעפּל, און אַ גרויס פרייד קומט אויף נאָכאַמאָל אין זיין האַרצן. יעדעס מאָל זיצט די אַלטע ביים קאַמין און שטריקט. יעדעס מאָל קומט ער אָן אַהין אין דער זעלבער צייט. דאָס קינד, דער זעלבער וואוקס, די זעלבע מינע. דזשוליע אין די זעלבע קליידער, מיטן זעלבן שמייכל. און עס פאַרשטאַרקט זיך ביי מילמאַנען דער געפיל פון אומרעאַלקייט, פון טרוים; דער געפיל, אַז ער באַטרעט אַ נייעם וועג, וועלכער פירט צו דער אייביקייט.

# צוויי פריינט

ווען אַרקע איז אַרויס פון שפּיטאָל־צימער, איז זילבערג געבליבן אַליין. די „נוירס", אין אירע ווייסע זויבערע קליידער, האָט געדרימלט אויף אַ שטול. די זון האָט געהאַלטן ביים פאַרגיין. אַ רויט פלאַמיק ליכט האָט געפאַרבט דאָס פענצטער.

זילבערג באַמערקט, אַז דער זייגער איז שוין באַלד ניין. די שטילקייט אין שפּיטאָל איז געוואָרן פאַרגליווערט. די טריט פון די דאָקטוירים און נוירסעס אין קאָרידאָר הילכן פּוסט און פרעמד. זיי וועלן באַלד פאַרלוירן ווערן און ער וועט בלייבן עלנט, אַליין.

זילבערג ווייסט, אַז זיינע טעג זיינען געציילטע. דער טויט לויערט שוין אין די ווינקלען פון צימער און וואַרט, אַז די שעה זאָל שלאָגן. אַן אומהיילבאַרע חלאת פאַרצערט אים.

די בעט שטייט ביים פענצטער, דאָס עלעקטריש ליכט באַלייכט דעם פּאַרק און דער שניי פאַרדעקט די ביימער. אַ פרעמדע, וואונדערלעכע וועלט זעט ער דורך דעם פענצטער. ווייסע וועגן קרייזלען זיך און פירן ערגעץ צו ווייטע, ווייטע פלעצער. עס איז ווי אַ קינדער־מעשהלע וועגן אַ צויבער־לאַנד, מיט ווייסע פּאַלאַצן, וואו דאָס מענטשלעכע גליק איז באַהאַלטן.

זילבערג טראַכט וועגן אַרקען. עס דערמאָנט זיך אים די קינדער־יאָרן.

דאָס דרעמלענדיק ליטוויש שטעטל ליגט אין טאָל. די קאַשטאַנען־ביימער באַצירן דעם וועג צום טייך. די כאַטעס מיט קליינינקע פענצטער־לעך, אָבער מיט אַ סך געמיטלעכקייט; די גערטנער בליען, די פּרוכט־ביימער באַלאָדן מיט צוויט. דער טייך מיט קריסטאָל קלאָר וואַסער; די וועלדער פאַרזונקען אין גרינקייט. בילדער שוועבן פאַר די אויגן און אַ שטימע רייסט זיך פון די ווייטקייטן: „אַמאָל איז געווען, אַמאָל איז געווען"...

— — — — — — — — — — — — — — —

זילבער און אַרקע זיינען פריינט פון די קינדערשע יאָרן. זייערע שיק־

זאָלן כאָטש זייער פאַרשיידן, זיינען דאָך געווען פאַרבונדן און קיינמאָל ניט געקענט זיך שיידן.

אַלס קינדער האָבן זיי געוואוינט אין איין גאַס. די זילבערגס האָבן געהאַט אַ גרויס הויז, אַ גרויסע פאַמיליע, געווען די אַריסטאָקראַטן פון שטעטל. דער טאַטע האָט געהאַנדלט מיט וועלדער און פעלדער. זייער טייל גאַס איז געווען די מזרח־וואַנט — דער שפּיגל פון שטעטל. די הייזער ליכטיקע, פאַרפּוצטע מיט ביימער און בלומען. די רייכע טייל גאַס האָט זיך געענדיקט ביי די באַן־רעלסן, וואָס האָבן אָפּגעטיילט די צוויי וועלטן. אויף יענער זייט ראָגאַטקע האָט זיך די אָרעמקייט אויסגעלייגט, דער הונגער האָט אַרומגעבלאָנזשעט צווישן די הייזלעך. איין גאַס — צוויי וועלטן.

ווי אין אַלע קליינע שטעטלעך, האָט יעדע פאַמיליע געהאַט אַ צונאָמען. די זילבערגס האָבן געהייסן „די קעפּ". רייכע מענטשן זיינען די קאָפּ־מענטשן. דערצו זיינען די קינדער געגאַנגען אין אוניווערסיטעטן און זיינען געווען געבילדעטע.

אַרקעס פאַמיליע האָט געהייסן „די הירשן". זיי זיינען געווען הויכע, פלינקע, מיט די קעפּ אין דער הויך, שטאָלצע, ווי די הירשן. עס איז געווען אַ פרייד צו קוקן אויף די אַלע ברידער. געווען יאָטן איינער ווי איינער, העלדישע יונגען; געשוואומען ווי קאַטשקעס, געמאַכט פליטן פון ברעטער און געפאָרן איבערן טייך, געכאַפּט פיש, געריטן אויף פערד אָן אַ זאָטל. אַפילו די מאַמע האָט אויסגעקוקט ווי אַן אָדלער און איז געווען שטאָלץ ווי אַ פּאַווע. קיינמאָל זיך ניט געשעמט מיט דער אָרעמקייט.

זילבערגן האָט געצויגן צו די „הירשן". ספּעציעל צו אַרקען, וועלכער איז געווען אין זיינע יאָרן. זיין מאַמע האָט ניט געוואָלט ליידן, עס איז איר ניט אָנגעשטאַנען. אָבער זילבערג פלעגט וואַרטן לעבן די רעלסן און ווען אַרקע איז געקומען פלעגן זיי ביידע פאַרלאָרן ווערן אויפן טייך.

זילבערג איז געקומען פריער קיין אַמעריקע. ער איז אַנטלאָפן פון פּריזיוו. ניט געוואָלט דינען פּאַניען, ניט געוואָלט זיין קיין סאָלדאַט. האָט דער טאַטע געזאָגט „פאַר געזונטערהייט, מיין זון, זיי גליקלעך אין גאָלדענעם לאַנד". די מאַמע איז שוין מער ניט געווען, געשטאָרבן אַ יאָר פריער. דער טאַטע איז אַלט געוואָרן, דער איינציקער ברודער האָט געהאָלפן דעם טאַטן אין די געשעפטן. איז זילבערג געקומען אין אַמעריקע מיט אַ היבשער אַפּטיקאַ אין קעשענע.

אַרקע איז געקומען דרײַ יאָר שפּעטער — געװען אַ סאָלדאַט. פּאַרטיק געװאָרן מיטן דינסט, האָט די שװעסטער, װעלכע איז שױן לאַנג געװען אין אַמעריקע, געשיקט אַ שיפּסקאַרטע. האָט מען זיך געזעגנט מיטן שטעטל צוגעזאָגט צו העלפֿן דער פֿאַמיליע, װען ער װעט מאַכן אַ סך געלט, און — היידאַ! באַן און שיף און אַרקע האָט דעגרייכט די ברעגן פֿון גאָלדענעם לאַנד.

װען אַרקע איז געקומען קיין ניו־יאָרק, איז זילבערג שױן געװען „אָלרייט״. ער האָט שױן געהאַט אַ סטאָר אין אָרטשאַרד סטריט און פֿאַר־קױפֿט װאָס אַ מויל קאָן אױסריידן: אַ טשװעקל צי אַ האַמער, אַ זעג אָדער אַ האַק, אַלטס און נייעס האָט מען דאָרט געקענט קריגן. דערצו האָט ער שױן געהאַט אַ װײַב, אַ קינד און אַ דירה פֿון פֿיר צימערן מיט לײַטישע מעבל. דער טאַטע האָט נאָך אַלץ געשיקט צו ביסלעך געלט, ניט װײַל זילבערג האָט עס באַדאַרפֿט, נאָר גלאַט אַזױ זיך, עס איז דאָ גענוג — מאָ װעמען אַרט עס.

זילבערג האָט מיטגענומען אַרקען אַהיים, פֿאָרגעשטעלט אים פֿאַרן װײַב, אַ היבשע יידענע מיט רױטע באַקן און מיט אַ שאַרף מויל. דאָס מיידעלע איז געװען געראָטן אין טאַטן: אַ ביסל אַ בלײַכע מיט מוטנע אויגן און בלוטלאָזע ליפּן. נאָכן עסן האָט זילבערג געפֿרעגט אַרקען װאָס ער פּלאַנעװעט צו טאָן, צי װאָלט ער געװאָלט אַרבעטן אין זײַן געשעפֿט און װאױנען מיט זיי. אַרקע האָט באַמערקט דעם בייזן בליק פֿון דעם װײַב, אירע פֿעטע ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן. האָט אַרקע באַשלאָסן, אַז דאָס שפּיל איז פֿאַרן טייװל. עס איז אַ רחמנות אויף זילבערגן, אַ גרױסער רחמנות...

איז אַרקע אַװעק זײַן װעג אַליין און זילבערג איז געגאַנגען זײַן װעג. אָבער פֿון צײַט צו צײַט זײַנען זיי זיך צוזאַמענגעקומען, זיי האָבן געבענקט איינער נאָכן אַנדערן. נאָר זייערע װעלטן זײַנען שױן געבליבן פֿרעמד און זייער לעבן אָפּגעטיילט, מער װי ביידע טיילן גאַס פֿון זייער שטעטל.

די זילבערגס זײַנען געװאָרן רײַכער און רײַכער. זייער היים איז שױן מער ניט געװען אָרטשאַרד סטריט. נאָך קינדער זײַנען געקומען, אין פּריװאַטע שולן האָט מען זיי געשיקט, דינער און דינסטן האָבן געװאַכט איבער זיי. און דאָס װײַב איז געװאַקסן אין דער ברייט, די פֿעטע פֿינגער באַהאַנגען מיט דימענטן. דאָס געזיכט פֿאַרשװאָלן פֿון פֿעטס און אירע

אויגן, קליינע, האַלב פאַרמאַכטע, האָבן געקוקט מיט פאַרדאַכט אויף יעדן. די קינדער האָבן זי ניט ליב געהאַט, און די לופט אין הויז איז געווען אַ שווערע, אַן אָנגעשטרענגטע. מאַדאַם זילבערג איז געווען די הערשערין איבער די דינסטן ווי איבער דער פאַמיליע.

* * *

אַרקע איז אַוועק אַן אַנדער וועג. געוואָלט האָט ער שטודירן פאַר אַ כעמיקער. געגאַנגען ביינאַכט אין סקול און בייטאָג געאַרבעט. ער איז אָבער געווען צו אומרואיק זיך צו האַלטן לאַנג אויף דעם זעלבן פּלאַץ. ער האָט ציגל געטראָגן, געווען אַ שוסטער, געאַרבעט ביי די האָפּנס, דער־נאָך געוואָרן אַ קאָנדוקטאָר אויף אַ קאַר. אָבער אַלץ איז געווען פאַר אַ קורצער וויַיל. מיטאַמאָל האָט ער אויפגעגעבן זיין שטודיום, איבערגעלאָזט די אַרבעט, זיך געקויפט אַן אַלטן אויטאָמאָביל און זיך אַרויסגעלאָזט זען אַמעריקע. זיין אומרואיקער געמיט האָט אים געטריבן פון אָרט צו אָרט, פון שטאָט צו שטאָט. דאָ געטאָגט און דאָרט גענעכטיקט, ווי אַ ציי־גיינער אַרומגעוואָנדערט און ניט געפונען קיין מנוחה.

ער איז צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק אַ מידער, אָבער פול מיט בטחון אין האַרצן. אַרקע האָט געפונען אַ צימער פאַר זיין אָרעמקייט, אַרומ־געבלאָנדזשעט אַ ביסל און לסוף באַשלאָסן צוגיין צו זילבערגן, געוואָלט וויסן וואָס מיט אים האָט פאַסירט אין די יאָרן, ווען ער איז ניט געווען אין ניו יאָרק.

אַרקע האָט זיך דערפילט זייער עלנט. צו זיין שוועסטער איז ער זעלטן געקומען — זי האָלט אים פאַר ניט קיין לייטישן מענטשן: „שלעפּט זיך אַרום ווי אַ ציגיינער, צו אַלדע גוטע יאָר!" זי האָט אים ניט געקאָנט פאַרשטיין. און קיין אַנדער פריינד ווי זילבערג האָט ער ניט געהאַט. צווישן זיי איז געווען אַן אייזערנע וואַנט, וואָס האָט ניט צוגעלאָזן איינעם צום אַנדערן.

אַרקע האָט זילבערגן אָנגערופן טעלעפאָניש אין זיין אָפיס. שפּעטער האָבן זיי זיך געטראָפן אין אַ קאַפע, טאַקע לעבן צענטראַל פּאַרק. באַ־טראַכטנדיק זילבערגן, האָט אַרקען דאָס האַרץ פאַרקוועטשט: בלוטלאָזע ליפּן, פאַרלאָשענע אויגן, אַ מידער, אַן אַ פונק לעבן. זילבערג האָט געקוקט מיט אַ בלייכן שמייכל אויף אַרקען און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. אַרקע האָט גערופן זילבערגן אַלע מאָל ביים צווייטן נאָמען. אָבער

ז׳אָס מאָל האָט ער געפּילט, אַז ער קען דאָס ניט טאָן. און מיט אַ שווער געמיט האָט ער אים געפרעגט: „וואָס איז מיט דיר מיישקע? וואָס האָט פּאַסירט זינט איך האָב דיך ניט געזען?"...

זילבערג האָט אַ רגע געשוויגן. ער האָט געקוקט דורכן פענסטער צום פּאַרק און ניט געענטפערט. אַרקע האָט געפילט, אַז זיין חברס געדאַנקען זיינען ערגעץ ווייט. ער האָט זיך געוואונדערט, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דעם אַמאָליקן זאָרגלאָזן מיישקען פון די קינדער־יאָרן.

זילבערג האָט גערעדט מאָנאָטאָניש, דערציילט אַרקען אַ סך זאַכן און גאָרניט געזאָגט. „דאָס ווייב, די קינדער — אַלע זיינען פרעמד, ס׳איז שווער צו לעבן אַזוי. ביזנעס! וואָס וועט ער טאָן מיט אַזוי פיל געלט און צו וואָס דאַרף ער דאָס? און דאָך טאָג נאָך טאָג די זעלבע זאַך — מער און נאָך מער — עס איז ניטאָ קיין צייט צו אָטעמען, ניטאָ קיין צייט צו לעבן און ער איז אַזוי מיד, אַזוי מיד..."

* * *

זיי זיינען שפּעטער זיך ווייטער צעגאַנגען און זעלטן געהערט איינער פון אַנדערן. געלייענט אין די צייטונגען, אַז זילבערג טוט דאָס, אָדער עפּעס אַנדערש; אַז ער האָט געקויפט אַ נייע פאַבריק; אַז זיין ווייב העלפט אין אַ באַזאַר פאַר אָרעמע קינדער, און נאָך אַזעלכע זאַכן, וועלכע פילן אָן די צייטונגען טאָג־איין טאָג־אויס. און דאָס אַלץ.

און אַרקע האָט זיינע אייגענע פעדים געשפּונען. ניט קיין גרויסע גליקן געמאַכט, אָבער אַ דאַנק גאָט, עס איז ניטאָ וואָס זיך צו באַקלאָגן. ניט געוואָלט זיין אין דער גרויסער שטאָט, האָט ער זיך פאַרקליבן אין אַ קליין שטעטל, וואָס איז געלעגן צווישן בערג. געהייראַט און געהאַט צוויי קינדער; געמאַכט אַ לעבן ווי עס איז און איז געווען גליקלעך. אַלץ איז געווען שטיל, רואיק. די מענטשן פיינע פריינטלעכע און אַ יידיש לעבן איז דאָ אומעטום, וואו מען זאָל ניט זיין.

אַרקעס ווייב איז געווען אַ פּשוט׳ע, אַ הויכע מיט בלויע אויגן, מיט ראָזעווע באַקן, אַ פריינטלעכע, אַ פריילעכע. זי איז געווען צופרידן מיט אַלץ וואָס זיי האָבן. צוויי קינדער ווי די בעכער, צוויי יינגלעך, גרויסע שטיפערס און טומלערס. עס איז ניט געווען קיין אומעטיקע מינוט. דאָס הויז איז געווען ווי אַ פויגל־נעסט, ווייס און רויט געפאַרבט. אַ גאָרטן פון בלומען אוןביימער, אויף וועלכע דאָס ווייב האָט אַכטונג געגעבן. פון

די בערג האָט אַלע מאָל געבלאָזן אַ מחיהדיק ווינטל. און נאָך אַ טאָג אַרבעט פלעגט די גאַנצע משפּחה זיצן אויפן „פּאָרטש" און קלייבן נחת פון גאָטס וועלט.

אַרקע האָט געהאַט דעם „כל־בו"־געשעפט אין שטעטל. געהאַט פון אַלץ צו ביסלעך, און אויב עס איז עפּעס ניט געווען, פלעגט ער פאָרן אין שטאָט און דאָס ברענגען. קיין גרויסע גליקן האָט מען ניט געמאַכט. אָבער עס איז געווען גענוג צום לעבן און אַוועקצולייגן אַ פּאָר גראָשן אויף „אַ רעגנדיקן טאָג". צופיל זאָרג איז ניט געווען, אַמאָל ערגער, אַמאָל בעסער — אַבי געזונט.

די יקדישע געמיינדע האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען, ניט פאַרפרעמדט געוואָרן פון יידיש לעבן. אַלע מאָל געווען גרייט אַריינצושטעקן די הענט אין די קעשענעס און העלפן וועמען מען האָט נאָר געדאַרפט. פאַר די קינדער האָט מען געמאַכט אַ יידישע שולע. געבראַכט אַ לערער פון שטאָט, זאָל די יידישע גאָלדענע קייט זיך ציען, זאָלן די קינדער וויסן, אַז זיי שטאַמען ניט פון קיין שטיין, אַז זיי האָבן זיך ניט וואָס צו שעמען מיט זייער אָפּשטאַם.

אַזוי זיינען די טעג און יאָרן געגאַנגען. דאַנקען גאָט דערפאַר. די קינדער וואַקסן אויס, איינער איז שוין אין אוניווערסיטעט, וועט ווערן אַ דאָקטאָר. אַרבעט שווער צו מאַכן דעם טאַטן גרינגער. פאַרדינט אַ פּאָר דאָלער דאָ און דאָרט. ווייסט, אַז דער טאַטע האָט ניט צופיל, האָט אָבער אַ גרויס האַרץ. דער צווייטער זון וויל זיין מיטן טאַטן אין סטאָר און אים העלפן: „גיי כאַפּ פיש, נעם אַ פּאָר טעג רו, אַלץ וועט שוין זיין ווי עס באַדאַרף צו זיין, האָסט זיך גאָרניט וואָס צו זאָרגן". און אַרקע קוועלט, זיין האַרץ איז פול מיט פרייד.

אַרקע טראַכט אַמאָל וועגן זילבערגן, ער האָט רחמנות אויף אים. גאָט אין הימל, וואָס ער האָט געמאַכט פון זיין לעבן! די קינדער זעט ער ניט אָן. איינער איז אין אויסלאַנד, וואַלגערט זיך אין פּאַריז. דער צווייטער איז ווי דער טאַטע: נאָר געלט מאַכן! האָט זיך אייגן געשעפט, האַלט ווינציג פון טאַטן, „די „אַלד מען" ווייס ניט וואָס ער טוט".

* * *

און די צייט פאַר זילבערגן איז ניט קיין גוטע. די געשעפטן ריינען אויס. ער האָט לעצטנס אַ סך געלט פאַרלוירן, עס גייט אים באַרג אַראָפּ,

און עס ווערט ערגער מיט יעדן טאָג. דאָס ווייב מיט די קינדער האָט ער פאַרזאָרגט. פון הונגער וועלן זיי ניט שטאַרבן. אָבער זילבערג פילט זיך ווי אַ געשלאָגענער הונט, מוטלאָז און פאַרלוירן. ער שעמט זיך צו ווייזן די אויגן פאַר דער וועלט. ער פילט, אַז ער האָט פאַרענדיקט אַ צייט־אָפּשניט פון זיין לעבן, וואָס וועט שוין קיינמאָל ניט קומען צוריק.

זילבערג האָט געפילט, אַז ער מוז זיך אַראָפּריידן פון האַרצן, אויב ניט — וועט דאָס האַרץ אים פּלאַצן. אין דער היים איז ער אַ פרעמדער. מיטן ווייב קען ער קיין צוויי ווערטער מער ניט אַרויסריידן, זי גייט אַרום אַן אָנגעבלאָזענע, אַ פרעמדע, און איר פּעט פּנים איז אַלע מאָל פאַרכמורעט. די קינדער ניט אַהער און ניט אַהין — אַמאָל יאָ געפרעגט אַ וואָרט און אַמאָל ניט. קיין צופיל ליבע צום טאַטן איז ניט געבליבן. און ער האָט באַשלאָסן אַריבערפאָרן צו אַרקען, דער איינציקער, וואָס וועט אים מיט־פילן.

איז זילבערג געקומען צו אַרקען און ווי אַ פאַרשעמטער געזעסן ביים טיש און גאָרניט געקענט זאָגן. אַזאַ פריידיקע הויז, אַזעלכע ליבע מענטשן! און די קינדער, גאָט זאָל זיי נאָר געבן אַ סך גליק — און ער האָט געהאַט טרערן אין די אויגן, ווען ער האָט געטראַכט וועגן זיין אייגן צעבראָכן לעבן. אַרקע האָט געקוקט אויפן אַלטן, צוזאַמענגעקאָרטשעטן געזיכט און אַ ווייטיק האָט אים אַרומגעכאַפּט פאַר זיין פריינד.

זילבערג האָט געפילט, אַז עס וועט אים זיין שווער צו פאַרלאָזן אַרקעס הויז. אַלע זיינען אַזוי גוט צו אים. ער האָט זיכער דאָס ניט פאַרדינט! — אָבער ער מוז פאָרן צוריק קיין ניו־יאָרק. די לעצטע פּאַזע פון זיין לעבן איז ביי דער טיר. ער מוז ליקווידירן אַלע זיינע געשעפטן איידער אַלץ קראַכט איבער זיין קאָפּ! מען דאַרף אַרויסראַטעווען וואָס מען קען נאָר, איידער דער פייער פאַרצערט אַלץ מיט אַנאַנדער: וואָס וועט ווייטער זיין, ווייס ער ניט. עס צופּט אים ביים האַרצן, עס גריזשעט אַ ווייטיק, עפּעס עסט אויף זיין קערפּער, פון וועלכן עס איז שוין קיין סך ניט געבליבן.

זילבערג האָט מער ניט קיין אָרט ביי זיך אין הויז. ער איז צופרידן, אַז די קינדער זיינען שוין אַלע אויסגעוואַקסן, און פיל־ווייניק פאַרזאָרגט. ער זעט זיי פון צייט צו צייט, אָבער ניט אויף לאַנג. אַזוי, פילט ער איז בעסער. דאָס הויז איז מער ניט קיין היים, אַלץ איז איינגעשרומפּן, קיין

דינער און דינסטן זיינען מער ניטאָ; דאָס ווייב קרעכצט אויף איר שווער לעבן, אויך אויף דעם וואָס פון איר איז געוואָרן אויף דער עלטער.

דרייט זיך זילבערג אַרום אין די גאַסן און ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך. די שעהען ציען זיך ווי פון פעך, ער פילט זיך אַזוי מוטלאָז און פאַרלאָזן. ער קומט אַמאָל אַראָפּ צו אַרקען, אָבער לאַנג קען ער דאָרט ניט זיין. די פרייד פון דעם הויז, די איבערגעבנקייט פון די קינדער און דאָס גוט־האַרציקע ווייב — אַלץ מאַכט אים טראַכטן וועגן זיין אייגן צעבראָכן לעבן.

* * *

און אָט איז זילבערג אין שפּיטאָל און וואַרט אויפן טויט. ער קען אַפילו ניט שטאַרבן אין זיין אייגענער היים. די קינדער קומען אַמאָל. זיי צאָלן פאַר אַלץ און עס קאָסט אַ סך געלט, און קיין סוף זעט מען ניט! ער לייענט דעם פאָרוואורף אין זייערע אויגן. ער איז ניט בייז אויף זיי. ער בעט נאָר גאָט, אַז דער סוף זאָל שוין קומען. און דאָס ווייב, קומט זי יאָ, קומט זי ניט. זילבערג וואָלט געוואָלט, אַז זי זאָל מער ניט קומען. קיין סך איז ניט איבערגעבליבן פון זייער גאַנץ לעבן. אַ פרעמדע איז זי צו אים און עס איז צו שפּעט עפּעס צו ענדערן.

זיין איינציקע פרייד איז אַרקע. ער קומט אַלע וואָך, אַליין אָדער מיט דער ווייב. אַמאָל קומען אַרקעס קינדער. ער האָט מער ליבשאַפט צו זיי, ווי צו זיינע אייגענע. און אַלע מאָל קומען זיי מיט פולע הענט: בלומען, עסנוואַרג. נאָר גאָט קאָן זיי באַצאָלן פאַר דעם אַלעם.

איצט איז אַרקע אַוועק אַהיים. זילבערג האָט געפילט, אַז עס איז זיין לעצטע נאַכט. דער דאָקטאָר קומט אַריין זייער זעלטן — עס איז ניטאָ צוליב וואָס צו קומען. זיין קערפּער איז פול מיט פאַרטויבנדיקע מעדי־קאַמענטן און איז אינגאַנצן פאַרגליווערט. ניטאָ מער קיין ווייטיק, ניטאָ מער וואָס צו זאָרגן, אַלץ איז אַזוי לייכט, געמיטלעך. עס איז גוט אַזוי צו שטאַרבן. נאָר דער קאָפּ אַרבעט מיט אַזאַ לייכטקייט, העלע ליכט־שטראָ־מען פליסן פון מות און באַלייכטן בילדער פון זיינע פאַרלוירענע טעג.

אַזאַ איז דער גורל פון אַ מענטשן, טראַכט זילבערג. מען ווערט גע־בוירן און מען הייבט אָן שטאַרבן; מען האָט קינדער און זיי זיינען ניטאָ אין די לעצטע מינוטן פון לעבן. טויט! אייביקע באַוואוסטלאָזיקייט! אַריבער דער גרענעץ פון זיין און ניט זיין. אייביקע שטילקייט!

**אַ טעמפּע שרעק כאַפּט אים אַרום! די מידקייט פאַרמאַכט זיינע אויגן. נאָך איין בליק אויף די פאַרשנייטע ביימער פון פּאַרק, אויף אַ שטיקל בלויען הימל, אויפדער קראַנקען־שוועסטער, וועלכע דרימלט אויפן שטול. דערנאָך אַ שיין פון ליכט, אַ געמיטלעכקייט, אַ שוועבן אין ליידיקן רוים און אַ שטומער פאַרגליווערטער שווייגן.**

# א ל י י ן

אין דעם הויז איז געווען אַזוי שטיל, אַז די ווענט האָבן דערפון גערעדט. בערמאַן קען שווערן, אַז זיי שושקען זיך און לאַכן שטילערהייט. אַפילו די מעבל־שטיקער קוקן אויס גראָטעסק, נאָר זיי אָטעמען מיט זייער אייגן לעבן. צום ערשטן מאָל אַז ער פילט זיך אומהיימלעך, צעשראָקן און אַליין.

ווען הינדע איז געשטאָרבן, האָט זיך עפּעס איבערגעריסן אין זיין לעבן. וואָס עס האָט פּאַסירט, ווייס בערמאַן אַליין ניט. לעבט אַ ייד מיט זיין ווייב — שלעכט, גוט —אָבער קיין קינדער זיינען ניטאָ און עס איז צו שפּעט צו טאָן עפּעס וועגן דעם. האַלט מען זיך איינער אָן דעם אַנדערן און מען האָט מורא פאַר די אייגענע געדאַנקען. עס איז אַזוי שווער צו לעבן אָן קינדער און נאָך שווערער צו שטאַרבן אָן זיי. האָסט דעם געפיל, אַז מיט דיר ענדיגט זיך אַלץ, אַז קיינער וועט דיין נאָמען ניט דער־מאָנען, אַז דו וועסט פאַרשלונגען ווערן פון דער נאַכט ווי קיינמאָל ניט געווען.

מאָדנע ,ווי זאַכן דוכטן זיך אויס, און ווי אַנדערש זיי זיינען אין דער ווירקלעכקייט.

די ערשטע טעג נאָך הינדעס טויט האָט ער גאָרניט געפילט דעם פאַרלוסט. פאַרקערט, ער האָט געהאַט דעם געפיל פון באַפרייאונג. ווי ער וואָלט שוין אַ לענגערע צייט געוואַרט אויף איר טויט. די נעכט זיינען געווען שטילע, פרידלעכע, ווי הינדע וואָלט קיינמאָל ניט געווען. און אַז אַ געדאַנק איז אויפגעשוואומען וועגן איר, איז עס געווען וועגן איר הוסטן, וועגן איר כריפּעדיקן אָטעם, וואָס האָט אים דערמאָנט אָן אַ פאַרזשאַווערטער טיר. הינדע פלעגט אַלע מאָל קרעכצן אין שלאָף, ריידען, זיך אויסטענהן און כליפּען.

זיינען די ערשטע טעג אַוועק ווי אין אַ הינערפלעט, ניט געבראַכט ניט

קיין ווייטיק, ניט קיין פרייד. ערגעץ טיף פֿאַרבאָרגן אין זיין האַרצן האָט ער הינדען באַשולדיקט אין זייער קינדערלאָזיקייט, זייער עלנטקייט. ערשטנס איז זי געווען עלטער פון אים. צווייטנס, זינט זייער חתונה האָט זי גע־האַלטן אין איין קרעכצן און קרענקען.

עס איז שוין נאָך צוועלף און קיין שלאָף קומט ניט. ער קוקט אַרויס פון פענצטער און קען גאָר ניט זען. די ערד איז איינגעוויקלט אין אַ דיקן נעפּל. די שויבן זיינען נאַס, טריפן מיט טרערן. דער חדר איז פינצטער. בערמאַן אָטעמט איין נאַכט; ער האָט דעם געפיל, אַז ער וויגט זיך הויך איבער דער ערד, איינגעהילט אין וואָלקנס פון פינצטערניש.

בערמאַן האָט פּלוצים געפילט ווי אייזיקע פינגער וואָלטן באַרירט זיין לייב. אַ שוידער גייט איבער זיין קערפּער. ער וויקלט זיך איין אין דער קאָלדרע און טראַכט: עס איז ניט גוט צו זיין אַליין! — ווען דער שלאָף זאָל כאָטש קומען! — מען דאַרף מאָרגן גיין צו דער אַרבעט. זיין קערפּער איז פֿאַרגליווערט פון מידקייט. דער קאָפּ איז אַזוי שווער און גרוי... ער פֿאַרמאַכט די אויגן, וויל אַלץ פֿאַרגעסן און קען ניט. בילדער וויקלען זיך ווי אַ קנויל פאָדעם פאַר זיינע אויגן.

אַמאָל איז געווען. עס איז געווען לאַנג, לאַנג צוריק. אַ קינד אין אַ וויגעלע. דאָס וויגעלע הענגט אַרונטער פון דער סטעליע, אָנגעבונדן צו אַ הילצערנעם באַלקן מיט שטריק. אויבן איז אַ שטרויענער דאַך, קליינע פענצטערלעך און אַ שטיק בלויער הימל. פליגן אומעטום, פליען און זשומען. דער מאַמעס שטימע הערט מען פון דרויסן. ער ווייס ניט צי זי זינגט אָדער וויינט! „קינדער האָב איך זיבן און איך האָב ניט קיין שטיקעלע ברויט”. ער ווייס ניט וואָס די מאַמע מיינט, אָבער דער אומעט אין דער מאַמעס שטימע דערשרעקט אים און ער הויבט אָן כליפּען.

„אָרעמער טאַטעלע מיינער! האַרץ מיינס! לאָמיר דיר אויסקושן דיינע ביינדעלעך!” און די מאַמע רעדט און רעדט און טוליעט אים צו איר ברוסט.

די מאַמע איז געווען אַ הויכע, מיט אַ בלייך געזיכט און שוואַרצע, פֿיבערדיקע אויגן. ער געדענקט אַפילו די ציצענע קליידער מיט פֿאַרשיי־דענע אויזאָרן, וועלכע האָבן איר אַזוי געפּאַסט. זי איז געווען אַזאַ שיינע! אַזאַ שיינע!...

„גאָט מיין גאָט! ווען איך אַמאָל אַנטשלאָפן ווערן?” טראַכט בערמאַן.

הינדעס בעט שטייט ביי דער אַנדערער זייט וואַנט. ער דאַרף בלויז אויס־שטרעקן זיין אָרעם און ער וועט זי אָנרירן. דער געדאַנק אַליין דער־שרעקט אים און אַ קאַלטער שוויס באַדעקט זיין קערפּער. מיט אַ מאָל דאַכט זיך אים, אז אימיצער כליפּעט אין הינדעס בעט, פּונקט ווי איינער וואָלט געהאַלטן דאָס מויל פאַרגראָבן אין קישן און געוויינט.

— — — — — — — — — — — — — — —

„אַט אַט, אַט אַזוי
עסט די ציג פון דאַך די שטרוי".

דאָס שטיבל איז איינגעהויקערט, ווי זי וואָלט זיך געבויגן פון מיד־קייט. גראָז וואַקסט ווילד אַרום הויז, הינטערן הויז איז אַ לויפנדיקער שטראָם וואַסער וועלכער פאַלט פון אַ שטיינערנעם באַרג און ווערט פאַר־לוירן ערגעץ אונטער דער ערד.

אין דאָרף איז קיין שול ניטאָ, שטייט דער טאַטע אין אַ ווינקל פון שטוב און דאַוונט. ער שאָקלט זיך און זיין שטימע איז פול מיט אומעט. די מאַמע, אין אַן אַנדער ווינקל, פליקט פעדערן. די זון פאַרגייט און די נאַכט שפּאַרט זיך דורך די קליינע פענצטער.

אַמאָל, אַמאָל! — „אַ וועלט אַ נייע, אַ וועלט אַ פרייע". די ערשטע יאָרן אין אַמעריקע. ווי לאַנג צוריק דאָס איז געווען?... מיליאָנען יאָרן! אַ לאַנגע, לאַנגע צייט צוריק, אַ פּיקניק אין אַ פּאַרק. אַ הייסער, פאַרנער טאָג, מען זינגט יידישע לידער, מען לאַכט און מען פרייט זיך. עסן און טרינקען איז אויך דאָ. אַמעריקע איז אַ וואונדערלעך לאַנד! אָבער עס בענקט זיך נאָך דער אָרעמקייט פון דער היים. אַנטלאָפן פון פּאָניען און עס חלומט זיך פון דער היימישער ערד.

אויפן פּיקניק האָט ער ווידער דערזען הינדען. זי האָט געטראָגן אַ רוסישע בלוזע מיט אויסגעניייטע רויטע בלומען; און דאָס פּנים בלייך, מיט שוואַרצע אויגן, שוואַרצע ברעמען, אַ ווייסער האַלדז, רויטע קרעלן און קינדערשע ליפּן איבער ווייסע, פּערלדיקע ציין.

אין דאָרף זיינען געווען צוויי יידישע משפּחות — זיינע, וועמעס על־טער־עלטער זיידעס זיינען דאָרט געבוירן געוואָרן און געלעבט אויף דער זעלבער ערד, און די בענדערס, וועלכע האָבן זי באַזעצט אין דאָרף מיט אַ פּאָר יאָר צוריק. יאָסל איז געווען דאָס איינציגע קינד ביי די בערמאַנס. נאָר די בענדערס האָבן געהאַט גאַנצע פיר קינדער. דריי יינגלעך און איין

מיידל. די ייִנגלעך זיינען אַלע געווען עלטער פון אים. די מיידל איז געווען אין זיינע יאָרן. זייערע הייזער זיינען געווען איינס לעבן אַנדערן. ניט געוואָלט, אַז די קינדער זאָלן אינגאַנצן פאַרפרעמדט ווערן פון זייער שטאַם.

די בענדערס האָבן געהאַנדלט און געוואַנדלט. יאָסלס טאַטע איז געווען אַ שוסטער אַ לאַטוטניק און קוים פאַרדינט אויף אַ געמוטשעט לעבן. קיין שול אָדער חדר איז ניט געווען אין דאָרף און אַז מען האָט זיך געדאַרפט אויסטענהן מיט גאָט, זיך אָראָפּריידן פון האַרצן, האָט מען געמוזט פאָרן אַ פּאָר מייל צו דעם יידישן שטעטל סטאָלין.

פלעגן זיך ביידע משפחות אויספּוצן אין עסיק און האָניק. בענדער האָט איינגעשפּאַנט זיינע צוויי ווייסע פערד אין דעם גרויסן וואָגן און הײדאַ! — ערשטנס, וועט מען גיין דאַוונען מיט אַנדערע מענטשן אין דער קאַלטער שול; צווייטנס, זאָלן די קינדער וויסן פון זייער אָפּשטאַם! זאָלן זיי וויסן, אַז עס זיינען פאַראַן נאָך יידן אויף דער וועלט, אַז זיי געהערן צו אַ גרויס פאָלק.

פאָרן צוריק אין דאָרף פלעגט מען שבת שפּעט ביינאַכט, מיט אַ שווער געמיט: וואָס וועט ווערן פון די קינדער דאָרטן?

אַזוי איז געבוירן געוואָרן און האָט זיך אויסגעפורעמט הינדע. אַ מיידל, וועלכע האָט געלעבט מער מיט פאַנטאַזיע ווי מיט דער ווירקלעכקייט. געוואָלט עפּעס, און ניט געוואוסט וואָס, — שטודירט גלאַט אַזוי זיך, אָן אַ צוועק, אָן אַ ציל.

און יאָסל בערמאַן?... אַ יונגערמאַן פון דאָרף, הויך און שטאַרק ווי אַ דעמבע, ניט קיין איבערגעשפּיצטער, אָן איבערגעוואקסן ייִנגל, וועלכער האָט געקוקט אויף דער וועלט מיט באַגייסטערונג און ליב געהאַט מענטשן.

„וואו איז די גאַס, וואו איז די שטוב,
וואו איז דאָס מיידל וואָס איך האָב אַזוי ליב?"

הינדע בענדער איז געווען זיין ערשטע ליבע. זיין ייִנגליש האַרץ איז אים אויסגעגאַנגען פאַר איר. זי איז געווען אַ שיינע, הויך און שטאָלץ ווי אַ פּאַווע. שוואַרצע אויגן. פיבערדיקע, ליכטיקע. עס האָט זיך געפילט ווי צו זינגען און טאַנצן אין איר אָנוועזנקייט. עס איז געווען אַזוי גוט צו לעבן!

קיין גרויסער דערפאָלג איז ער ניט געווען. זי פלעגט זעלטן ריידן

מיט אים. און ווען יאָ, איז עס געווען מיט שפּאַס. ער האָט אַלע מאָל געהאַט דעם געפיל, אַז זי לאַכט פון אים. זי האָט זיך אַלע מאָל מיט אים באַדינט ווי מיט אַ שיק־ייִנגל. „יאָסל, ברענג די פערד פון פּאַשע! — יאָסל, ברענג אַ פּאָר עמער וואַסער פון ברונעם!" אַלע מאָל מאַכן אים צו קליינגעלט און ער האָט געטאָן אַלצדינג וואָס זי האָט נאָר געוואָלט, מורא געהאַט צו זאָגן ניין.

ווינטער פלעגט ער ליגן איינגעגורעט אויף דער וואַרעמער הרובע און טראַכטן וועגן איר. טראַכטן, אַז ער איז שוין צוועלף יאָר אַלט און עס איז שוין צייט צו מאַכן אַ טאָלק אין זיין לעבן, צייט צו טראַכטן וועגן אַרבעט, צוהעלפן דעם טאַטן. אָבער זיינע געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט. הינדע איז געשטאַנען פאַר זיינע אויגן. ער האָט נאָך אַלץ ניט געוואוסט וואָס ביי איר אין האַרצן איז. ניט זי זאָגט יאָ, ניט זי זאָגט ניין. וואָס האַלט זי אים אויפן שטריקל? וואָס שפּילט זי זיך מיט אים! — שוין זיך גע־קושט מיט איר; שוין געהאַלטן זי אין זיינע אָרעמס. זאָל זי שוין זאָגן יאָ! וואָס דאַרף זי אַזוי פיל וואַרטן?...

ער איז שוין דריי־און־צוואַנציק יאָר. און זי? — פאַר איר איז שוין אויך צייט. עס וועט איר ניט שאַטן צו האָבן אַ מאַן. אָבער הינדע שווייגט! כאָטש נעם זי מיט גוואַלד און פאַרטיק! — אָבער דאָס אַלץ איז בלויז געטראַכט. מען דאַרף מיט גוטן קריגן פון איר אַן ענטפער; זי איז דאָך ניט אַבי ווער. זי איז אַ שטיק זייד, און מען דאַרף מיט איר האַנדלען איידל.

„ברידער, מיר האָבן געשלאָסן,
אויף לעבן און טויט אַ פאַרבאַנד,
מיר שטייען אין שלאַכט ווי געגאָסן,
די פאָנע די רויטע אין האַנט."

יאָסל הערט זיך צו צו אירע לידער און צו אירע רייד. — „מען דאַרף ניט לאָזן די וועלט אַנגייק ווי עס איז! אַזוי פיל אָרעמע, הונגעריקע צווישן די גרויסע מאַסן! קינדער ווערן געבוירן צו זיין שקלאַפן פאַר די רייכע פּאַראַזיטן! עס טאָר אַזוי ניט זיין! מען דאַרף קעמפן צו באַפרייען די וועלט".

יאָסל פלעגט אויסהערן הינדען, אירע לידער, אירע רייד און שווייגן. געטראַכט האָט ער שוין גאָר אַ סך. אַ שטייגער: — וואָס טוט מען מיט דער מויד? — וואָס וואַרט זי צו אַלדי גוטע יאָר? — ער וואָלט שוין

געוואָלט זען תכלית... זיין מיט איר אין בעט! — וואָס דרייט זי אַ ספּאָדעק וועגן רייכע, אָרעמע! קינדער דאַרף מען האָבן; אַ היים בויען, מעבל, פּיפּיקלעך. מען דאַרף זיין אַ לייט צווישן לייטן. כאַפּט אַ כאָלערע דער וועלט!

אָבער הינדע שוויגט, אָדער זי רעדט פון וועלט־באַפרייאונג, כאַטש נעם אַ בעזעם און קער אַרויס די אַלטע וועלט. אַ קראַמף אין די ביינער פון די רייכע! אָבער וואָס האָט דאָס צו טאָן מיט קינדער האָבן?... וואָס וויל זי פון זיין לעבן? ער וועט לאַנג ניט וואַרטן פאַר דער מויד. זאָל זי זיך טומלען מיט דער וועלט אָן אים. עס איז דאָ גענוג פיש אין טייך. ער איז ניט קיין שיפּע זיבעלע, ער וועט קריגן אַן אַנדער מיידל.

דאָס זיינען אָבער געווען פּוסטע רייד. הינדע איז זיין באַשערטע! אַזוי איז פאַרשריבן געוואָרן אין טאָג פון זיין געבורט, און אַזוי וועט דאָס זיין. יאָסל, זיי ניט קיין יאָלד! — האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין. הער אויף פּראָווען שטיק! הער זיך אויף פאַרגעסן און האָב געדולד. אַלץ וועט זיין אָל־רייט. און דער טאָג איז געקומען און זי האָט מער ניט געזאָגט: „לאָמיר נאָך וואַרטן". זי האָט געקוקט לאַנג אויף אים און געשוויגן. דערנאָך שטיל אַ זאָג געטאָן: „נו, זאָל זיין אַזוי, לאָמיר חתונה האָבן און זאָל זיין מיט גליק! לאָמיר האָפן, אַז מיר וועלן ביידע דאָס קיינמאָל ניט דאַרפן באַדויערן."

ווען יאָסלס מוטער איז געשטאָרבן, האָט ער געטראַכט, אַז קיין גרעסערן פאַרלוסט וועט ער אין זיין לעבן מער ניט האָבן! ער איז אַוועק אין שטאָל, פאַרגראָבן דאָס געזיכט אין די שטרוי און געכליפּעט אַ לאַנגע צייט. באַגראָבן דער מאַמען האָט מען אין שטעטל. ווען זיי זיינען צוריקגעפאָרן אין דאָרף, האָט דער טאַטע צו אים געזאָגט מיט אומעט אין זיין שטימע: „ניטאָ מער וואָס צו טאָן אין דאָרף, מיר וועלן זיך באַזעצן אין שטעטל צווישן יידן. דיינע זיידעס האָבן דאָרט געלעבט און געשטאָרבן. גאָט וועט העלפן, מיר וועלן ווי עס איז לעבן".

איז געקומען דער לעצטער טאָג און ער גייט זיך געזעגענען מיט די בענדערס. אַלץ איז שוין פאַרפּאַקט און מאָרגן מיט דעם זון־אויפגאַנג פאַרלאָזן זיי דעם דאָרף. יאָסלס האַרץ ווערט צעריסן פון אומעט און פרייד. ער וויל ניט פאַרלאָזן די פעלדער מיט די ווילדע בלומען, דעם טייך מיט די שטראָמענדיקע וואַסערן; די ווינט־מילן מיט די ריזיקע פליגלען;

די קאַשטאַנען און די עפּל בוימער, וועלכע האָבן זיך אַזוי צעבליט, און די ווייסע זאַמדיקע וועגן, אויף וועלכע ער האָט די ערשטע טריט געמאַכט. אַלץ וועט איצט פאַרשווינדן. דער ווינט וועט זיינע טריט אויף אייביק פאַרווישן.

יעדערער זאָגט „זייַ־געזונט" אַן האַרץ. „אַ שאָד, וואָס דו פאַרלאָזט אונדז, יאָסל!" אָבער דאָס זיינען פּוסטע ווערטער, אָן וואַרעמקייט, אָן גלויבן. נאָר איר מאַמע האָט טרערן אין די אויגן. „פאַר געזונטערהייט! פאַר געזונטערהייט!" און אירע ליפּן ציטערן.

„אַ פויגל איז געפלויגן איבער אַלע לענדער. — די לענדער זיינען פאַרשלאָסן, דער שליסל איז צעבראָכן, שלאָף מיין קינד, שלאָף".

* * *

הינדע איז אַזאַ טייער ווייב. אָבער קרענקט אונטער, שעמט זיך, וואָס קינדער קומען ניט, פּילט זיך שולדיק קעגן אים. כאָטש יאָסל מאַכט זיך ניט וויסנדיק, גאָט וועט העלפן, ער וועט זי ניט לאָזן אָן אַ געדעכעניש! — מען דאַרף הינדען צוזען זי איז אַזוי אויסגעדאַרט, אַז ווען ער רירט אָן איר לייב, פּילט ער נאָר ביינער. גיט ער איר מילך און האָניק, אָבער זי רירט דאָס אָן קוים מיט די ליפּן. עס איז איר שווער צו פאַרדייען אַ ביסן ברויט. אָבער ליב האָט ער זי ווי זיין לעבן! — זי, דאָס הויז, די מעבל — אַלץ איז אַ שטיק פון איין זאַך וועלכע שטעלט פאַר זיין לעבן. אין הויז איז זויבער ריין, עס שמעקט אין יעדן ווינקל.

און די יאָרן פליען און קיין קינד איז נאָך אַלץ ניטאָ! עס איז שוין צו שפּעט, צו שפּעט. זיין האַרץ איז פאַרקלעמט פון ווייטיק. עס איז אַזוי אומעטיק אין הויז, און עס איז שוין מער ניטאָ קיין ווערטער וואָס צו ריידן. און וואָס איז זי נעבעך שולדיק?... אַזוי איז באַשערט, אַזוי איז באַשערט.

דאָס הויז איז שוין מער ניט ציכטיק, אירע פּרייַנט זיינען שוין לאַנג פאַרשוואונדן. ער האָט קיינעם ניט. ניט קיין קינד, ניט קיין רינד. צום ערשטן איז זיין טאַטע געשטאָרבן. דערנאָך — היטלער, און פון שטעטל איז געבליבן אַש! — דער דאָרף איז אָפּגעברענט געוואָרן, די כאַלופּעס אָפּגעווישט, און איצט וואַקסט דאָרט ווילד גראָז. וואָס איז געוואָרן פון די בענדערס? גאָט ווייס, וואָס איז געוואָרן פון הינדען?... נאָר די שטערן פון

הימל קענען דערציילן. און וואָס איז געוואָרן פון אים אַליין ?... שטויב. אַ לײדיק הויז, און זיין שטאַם וועט אייביק פאַרמעקט ווערן ! — קיינער וועט פאַר אים ניט אָפּווישן אַ טרער פון די אויגן.

הינדע איז ניטאָ. און די נאַכט איז אומענדלעך. און די שאָטנס האַלטן אין איין מורמלען. די פינצטערניש שאַרט זיך דורך די פענצטער, פילט אָן דעם צימער און דאָס עלנט רייסט דאָס האַרץ !

## פון אַ טאָגבוך

מיין אַלטער פריינט הערמאַן וואָגעל איז מער נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. ער איז געווען אַ זון פון רייכע עלטערן, איינער פון פינף קינדער. פיר האָבן געפונען גליק און פרידן אין נאָרמאַלן לעבן, האָבן געהאַט קינדער, ווייבער, היימען. אָבער נישט הערמאַן. פון קינדווייז אָן איז ער געווען אַנדערש. אַ שטאָלענע וואַנט האָט אים אָפּגעטיילט פון דער איבעריקער וועלט. נישט דער פאָטער, נישט די ברידער האָבן אים פאַרשטאַנען. נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אים. נאָר די מאַמע האָט איב ליב געהאַט מער ווי די אַנדערע קינדער. זי איז געווען אַזאַ שיינע, אַזאַ איידעלע, זי האָט אַלעמאָל געשמעקט ווי א בלום. אירע ליפּן, רויטע, ווי די קאַרעלן, וואָס זי האָט געטראָגן. זי האָט אים אַלע מאָל דערמאָנט אָן זומער: זוניקע אויגן, אַ זוניקער שמייכל. הענט ווייכע, לאַשטשענדיקע, פול מיט ליבע.

הערמאַן שרייבט אין זיין טאָג־בוך:

„איך האָב זיך אָפּגעשטעלט אין אַן אַלט פאַרלאָזן הויז אין מיטן פעלד, איך האָב ווייטער ניט געקענט גיין, ווייל די נאַכט איז אָנגעקומען. אינדרויסן איז נאַס, עס ווערט באַלד רעגענען. דער נעפּל איז געדיכט, מען זעט ניט דעם הימל. דאָס הויז מוז שוין זיין לאַנג פאַרלאָזן. דאָס גראָז איז הויך און ווילד. די שויבן אויסגעשלאָגן. עס איז אָבער געבליבן אַביסל מעבל און אַן אייזערנער אויוון, פאַרזשאַווערט, אָבער באַנוצבאַר. אַלץ איז דיק מיט שטויב. איך האָב זיך געמאַכט באַקוועם, ווי נאָר מעגלעך, צו פאַרברענגען די נאַכט און אפשר אַ פּאָר טעג....

...עס איז פאַראַן לויפנדיק וואַסער ניט ווייט פון הויז. אַ קאַמער אָנגעפילט מיט טרוקן האָלץ פאַר דעם אויוון. די פּאָליצעס זיינען אָנגעפילט מיט שאַכטלעך שפייז. פּושקעס מיט קאַווע גענוג אויף וואָכן. איך

טראַכט, אַז די מענטשן האָבן געמוזט אַנטלויפן פון הויז. אַז עפּעס אַן אומגליק האָט געמוזט געשען, וואָס האָט זיי פאַרטריבן פון דאַנען. האָבן זיי אַלץ איבערגעלאָזט, און אַוועק. וואו דו גייסט געפינסטו רעטענישן וועגן עקזיסטענץ... קיין זאַך איז ניט איינפאַך. קיין זאַך איז ניט פאַרשטענדלעך...

...איך ליג אויף דער האַלב־צעבראָכענער בעט אין דער פינצטער. איך טראַכט וועגן מיין מאַמען און מיין פריינט מאַיק. מיין מוטער וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן! איך בין אַזאַ טייל פון איר, ווי דער צווייג פון דעם בוים, ווי די טראָפּנס וואַסער פון שטראָם, ווי די אייביקייט. זי האָט מיר געגעבן דעם חלום פון זיין, דאָס געזאַנג פון די שטערן און מיר געוויזן דעם וועג צו גאָט. און מיין פריינט מאַיק איז אַלעמאָל מיט מיר. וואו מיינע וועגן זאָלן נישט פירן, טרעט איך אין זיינע טריט. איך טראַכט, אַז ער איז שוין דאָ אַוודאי געוועזן. איך טראַכט מיט זיינע געדאַנקען. אַוואו ער זאָל נישט זיין, איז ער מיט מיר...

איך האָב זיך קוים אויפגעהויבן פון בעט. די גלידער ווילן זיך ניט רירן. זיי זיינען אָנגעפילט מיט מידקייט אָנשטאָט בלוט. איך זיץ אינדרויסן און וואַרעם זיך אין דער זון. פרילינג־בלומען וואַקסן צווישן די ביימער. איך זע דעם ליידיקן זאַמדיקן וועג באַלויכטן מיט גרין גאָלד. איך שרייב פון צייט צו צייט עטלעכע ווערטער אין מיין טאָג־בוך, און דאָס אַלץ. איך זיץ אָפּ מינוטן מיט פאַרמאַכטע אויגן און אַ ווינטל צעבלאָזט מיינע האָר. דערנאָך, ווען איך עפן די אויגן זע איך צוויי האָזן שטייען פאַר־גליווערטע און קוקן אויף מיר. איך גיב זיך אַ ריר און זיי פאַרשווינדן צווישן די הויכע גראָזן.

..וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן, וויל איך אַז מיין טאָג־בוך זאָל בלייבן מיט מאַיקן. מיין עלנט און בענקשאַפט זוכט אַ וואַרעם האַרץ. קען זיין, אַז מיינע טעג זיינען געציילטע, און מיין וועג וועט זיך באַלד ענדיקן...

איך בין נאָך אַלץ אין דעם אַלטן הויז. האָב נאָך שפּייז אויף אַ לאַנגער צייט. אַלץ איז דאָ אַזוי געמיטלעך און שטיל. איך פיל זיך אַזוי נאָענט צו גאָט. טראַכט וועגן אַ סך זאַכן. וואונדער זיך, ווי אַזוי איך וועל פאַרענדיקן מיינע טעג. האָב זיך קיינמאָל ניט געפילט אַזוי עלנט, — וויל ניט שטאַרבן אין איינזאַמקייט. איך ווייס ניט וואוהין צו גיין און וואו זיך אַהינצוטאָן. די נעכט ווערן לענגער און גרויליקער. הער יעדן שאָרך

אין דער שטילקייט. אַמאָל גרייזשעט אַ שרעק מיין גאַנצן וועזן. מיין קערפּער ווערט קאַלט, און דאָס קלאַפּן פון מיין האַרץ צעררייסט די נאַכט...

...טראַכט זייער פיל וועגן ראַיען. עס ווילט זיך וויסן, וואָס איז געוואָרן פון איר. איך געדענק ווי זי איז געשטאַנען ביי דער אָפענער טיר, ווען איך בין צום לעצטן מאָל אַרונטער די שטיגן. וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם אויסדרוק אויף איר געזיכט און דעם שטומען ווייטיק אין אירע אויגן.

ראַיע איז געווען איינפאַך, ווי אַ שטיק נאַקעטע ערד. ווי ווילדע בלומען, וועלכע שפּראָצן נישט פאַרזייט אונטער דער זון. ווי פריש־געפאַלענער שניי, האָט זי פאַרדעקט מיין מידקייט. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרשטיין פאַרוואָס איך האָב זי פאַרלאָזן, שוין אַ סך יאָרן אַוועק, זינט איך האָב זיך געוואָרעמט אָן איר קערפּער, זינט איך האָב באַהאַלטן מיין פּנים אין אירע ברוסטן. זי האָט שוין מיך זיכער לאַנג פאַרגעסן; איך אָבער, וועל זי אַלעמאָל געדענקען — און זיכער שוין קיינמאָל נישט צוריקגיין צו איר...

עס איז פּלוצים קאַלט געוואָרן. דער הימל איז פאַרכמאַרעט. פאַראַן געננוג האָלץ און איך האָב איינגעהייצט דעם אויוון. עס איז וואַרעם און געמיטלעך אין חדר. איך קוק אַ לאַנגע צייט אויף די שפּינוועבס אין די ווינקלען לעבן דער סטעליע. אַזוי מסתמא וועבט דער גורל דאָס לעבן. אַזוי קאָמפּליצירט, אַזוי פאַרפּלאָנטערט! קיינער ווייסט ניט, וואוהין די וועגן פירן. מיר צאַפּלען זיך אַלע אין שפּינוועבס פון דער עקזיסטענץ, און מיר וועלן זיך קיינמאָל נישט באַפרייען...

די זון שיינט ווידער. כ'זיץ ביים שטראָם און הער זיך צו צום לויפן פון דעם וואַסער. מיין טאָג־בוך איז אָפן, בלעטער די טעג און זוך דעם נעכטן. האָב ערגעץ געלייענט, אַז דער שיקזאַל איז ווי אַ פּאַכער: וואו דו זאָלסט נישט אָנפאַנגען, וועט דאָס פירן צו דער זעלבער ענדע. דער ענטפער איז באַהאַלטן אין די פאַלדן פון דער אייביקייט. געבוירן און שטאַרבן — ווערטער, וואָס דערקלערן גאָרנישט...

בלעטער נאָך אַלץ מיין טאָג־בוך. די בלעטלעך פאַרגעלט. די האַנט־שריפט מיינע, די פאַסירונגען?... אַ לאַנגע, לאַנגע צייט צוריק. פאַרגע־סענע טעג, פאַרגעסענע געשעענישן. אַ בילד דאָ, אַ בילד דאָרטן. טעג פון מיין לעבן, פרייד און לייד. פרויען, קינדער, דערינערונגען. אַ לאַנגער, זאַמדיקער וועג פון געבורט צו דער אייביקייט.

### אונטערן וויגעלע
### שטייט אַ ווייס ציגעלע...

...דער טאַטע איז ניט געווען קיין פרומער ייד. נישט שטאַלצירט מיט זיין ידישקייט. מענטשן זיינען מענטשן, — פלעגט ער זאָגן. — קיין גאָט איז נישטאָ. געטער זיינען אַ פיקציע, קינדערישע פאַנטאַזיעס. פרעג נישט קיין פראַגעס, קינד. דו וועסט אויסוואַקסן, וועסטו פאַרשטיין...

די זעלבע נאַכט האָב איך געקוקט אויף דעם שטערנדיקן הימל און זיך געוואונדערט; דעם טאַטנס ווערטער זיינען געוואָרן אומפאַרשטענדלעך. איך האָב געהאַט רחמנות אויף אים. איך האָב באַשלאָסן גיין צו דער מאַמען און קריגן דעם ענטפער. זי ווייסט אַלץ. זי קען אויפקלערן אַלע רעטעניש! אַלץ איז ביי איר אַזוי איינפאַך, אַזוי פאַרשטענדלעך; פערל זיינען די ווערטער פון איר מויל. איך האָב זי אַזוי ליב געהאַט.

זי איז אַליין געזעסן אין גאָרטן, אונטער די צעבליטע עפל־ביימער. געזעסן אויף אַ לייוונטענעם שטול, מיט אירע הענט אויף דער שויס, און די אויגן האַלב־פאַרמאַכט. מיינע פיס האָבן זיך אונטערגעהאַקט, איך בין געבליבן שטיין און זיך ניט גערירט. איך ווייס ניט ווי לאַנג איך בין געשטאַנען, קוקנדיק אויף איר, אָבער עס איז ביי מיר דעמאָלט אַנט־שטאַנען דער געדאַנק, אַז די מאַמע איז גאָט, — איר בליק גיט לעבן, אירע אויגן זיינען דער הימל, אירע שמייכלענדיקע ליפּן זיינען די זון...

...איך בין אַרויפגעקראָכן אויף אַ טויזנט־פוסיקן באַרג. איצט זיץ איך ווי אַ קיניג אויף אַ טראָן און באַטראַכט מיין וועלטל: אַ נאַקעטער גרויער שטיין, אָן גראָז און אָן ביימער. פעלזן, ווי שטיקער גראַניט, פאַרמירן פאַרשיידענע געשטאַלטן. איבער מיין קאָפּ אַן ענדלאָזער הימל, אונטער מיר — טאָלן מיט ביימער און ווילדע בלומען. ערגעץ איז דאָ אַ דערפל, אָבער איך קען עס ניט זען. קיין הייזער אָדער מענטשן זעט מען ניט. עס איז אָבער דאָ אַ שטראָם פון לעבעדיקן לעבן, פון דעם אָדלער ביז צום קלענסטן פליגעלע. די נאַטור איז ברייטהאַרציק און גיט מיט דער פולער מאָס! איך פיל דעם לעבעדיקן אָטעם אין אַלץ וואָס איז דאָ. איך הער דאָס קלאַפּן פון דעם האַרץ פון באַרג! איך באַהעפט זיך מיט אַלץ וואָס אָטעמט. איך זע די גאַנצקייט פון דעם אוניווערז. אַלץ איז צוזאַמענגעגאָסן מיט אַ גרויסן פרידן, צוזאַמענגעבונדן מיט געטלעכקייט און ליבע.

...איך בין אַ גאַנצע וואָך געווען קראַנק. טאָג און נאַכט רעגנט; עס איז קיל און פייכט אין הויז, אַפילו דער אויוון העלפט ניט קיין סך. דורך די צעבראָכענע פענצטער ריבט אַריין וואַסער. איך בין אומרואיק און קען נישט שלאָפן: דאָס ערשטע מאָל מאַטערט מיך דער געדאַנק פון טויט. אַלע מיינע בראַווע ווערטער ווערן צערונען ווי אַן איבערגעקערטער קרוג וואַסער. איך האָב אַלעמאָל געטראַכט, אַז איך וועל באַגריסן דעם סוף, אַ גאַנצן לעבן האָב איך געוואַרט אויף דעם טויט. און איצט וויינט מיין האַרץ פון דעם געדאַנק פון נישט־ווערן. אַלע מיינע פילאָסאָפיעס וועגן זיך באַהעפטן מיט דער אייביקייט זיינען צעקראָכן געוואָרן, ווי שפּינוועבס. דעם ערשטן מאָל פיל איך די שרעק פון זיין אַליין; גאָט, העלף מיר גאָט! העלף מיר!

איך פיל זיך בעסער, אָבער בין זייער שוואַך. ווען איך וועל קענען באַוועגן מיט מיינע פיס, וועל איך איבערלאָזן דאָס פאַרלאָזענע הויז. איך האָב אַ געפיל, אַז עפּעס שלעכטס לויערט אין די ווינקלען, אַז צווישן די ווענט לויערן בייזע גייסטער. מיינע געדאַנקען מישן זיך און איך פיל, אַז עס איז נישט גוט פאַר מיר צו בלייבן דאָ אַליין. איך וויל נישט שטאַרבן דאָ; איך וויל קוקן אויפן הימל, ווען כ'וועל אויסהויכן מיין לעצטן אָטעם! איך וויל זען די בלומען און די בערג, אַזוי לאַנג ווי מיינע אויגן קענען זען...

...היינט איז עפּעס וואונדערלעכס געשען: איך בין אויפגעשטאַנען זייער פרי, ווי אַלעמאָל. די פרימאָרגן־זון האָט זיך אַרונטערגעקאַטשעט פון די בערג מיט כוואַליעס ליכט. דאָס גראָז האָט געלויכטן מיט זוניקע טראָפּנס. די יונגע ביימער זיינען געשטאַנען פרייליכע מיט דערוואַרטונג. דער זאַמדיקער וועג האָט מיך גערופן און צו מיר געוואונקען. איך בין געווען זייער פריידיק, ווען מיינע פיס האָבן באַרירט דעם זאַמד. און פלוצים — פון אַרום דעם באַרג, וואו דער וועג ווערט פאַרלוירן, האָט זיך באַוויזן דאָס געשטאַלט פון אַ פרוי. איך האָב געטראַכט, אַז עס קאָן ניט זיין. איך האָב פאַרמאַכט אַ ווײַלע די אויגן און זיך אָנגעשפּאַרט אָן מיין שטעקן. און ווען איך האָב זיי צוריק געעפנט, איז זי געשטאַנען לעבן מיר און געקוקט אויף מיר. מיינע פיס זיינען געווען שוואַך און די ערד אונטער מיר האָט זיך אַ וויג געטאָן. איך בין געפאַלן אויף מיין געזיכט און ניט געקענט זיך רירן...

איך ווייס ניט וואָס עס איז ווייטער געשען. איצט ליג איך אין בעט און שטראָמען ליכט גיסן זיך פון די פענצטער. איך קוק זיך אַרום אין חדר און איך וואונדער זיך: די טיר איז אָפן.

זי איז געשטאַנען ביי דער שוועל און געקוקט אויף מיר. איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און צוריק געעפנט. עס איז ניט געווען קיין חלום, אַ יונגע פרוי מיט שטיפערישע אויגן, אַ זון־פאַרברוינט פנים. עפּעס איז געווען פריידיקס אין איר באַוועגונג, אין אירע באָרוועסע פיס, אין דעם ציצן קליידל. עס איז מיר געוואָרן ליכטיק אין האַרצן, קוקנדיק אויף איר...

אַ סך זאַכן, וואָס קענען ניט פּאַסירן, — פּאַסירן דאָך; די וואונדער הערן קיינמאָל נישט אויף. וואַנדאַ! ווער איז זי?... פון וואַנען קומט זי?... איך האָב זי ניט געפרעגט, און זי האָט מיר ניט געזאָגט. זי האָט איבער־גענומען דאָס הויז, איבערגענומען מיך, מיט אַזאַ נאַטירלעכקייט, ווי זי וואָלט דאָרט אייביק געווען. זי פּאָרעט זיך אַרום מיר, ווי אַרום אַ קינד. נעכטן האָט זי אַרונטערגענומען מיינע קליידער און מיך געלאָזט ליגן אַ גאַנצע שעה אין דער זון. זי איז געזעסן לעבן מיר און גערעדט פריידיקע רייד, און געלאַכט און געזונגען. זי האָט מיך געבעטן ריידן וועגן מיין קינדהייט, וועגן מיין מאַמען, און דערנאָך האָב איך איר דערציילט וועגן מאַיקן. „ווען דו וועסט געזונט ווערן, וועלן מיר אים אויפזוכן. אַ שאָד אַוועקצושטיין פון אים אַזאַ לאַנגע צייט“, האָט זי געזאָגט.

זי איז זיכער געוועכט; נאָר געוואוסט האָב איך, אַז איך וועל אים מער קיינמאָל ניט זען. קיינמאָל ניט זען...

...וואַנדאַ איז געשלאָפן מיט מיר אַ גאַנצע נאַכט. עס איז געווען זייער הייס און מיר זיינען ביידע געלעגן נאַקעט, ווי ערשט־געבוירענע. איך האָב קיינמאָל ניט געזען אַזאַ קערפּער אין מיין לעבן! גאָטס האַנט האָט געטאָן וואונדער, און מיט ליבע האָט ער באַוויזן זיין מייסטערשאַפט; זי האָט מיך געגלעט, זיך געטוליעט צו מיר און געזאָגט, אַז זי האָט מיך ליב! איך האָב זי געקושט מיט מיינע פיבערדיקע ליפּן און האָב געוויינט. זי איז געקומען צו מיר צו שפּעט. צו שפּעט...

עס איז געווען אַ וואונדערלעכער טאָג פאַר מיר. מיר האָבן זיך געבאָדן אין לויפנדיקן שטראָם. מיר האָבן געלאַכט און געזונגען, ווי צוויי

קינדער. מיר זיינען געווען אַליין אין דער גאַנצער וועלט... אָבער איצט איז די זון אַרונטער. די שטערן קוקן אויס קאַלט, פאַרפרוירן און זייער אומפריינדלעך. מיינע אויגן ברענען מיט היץ. איך בין אַליין. וואַנדאַ איז אינדרויסן, קלייבט האָלץ צו איינהייצן דעם אויוון פאַר דער נאַכט. איך שפּאַן אַרום הין און צוריק אין חדר. איך ווייס, אַז איך וועל אינגיכן שטאַרבן. אַ שרעק גריזשעט מיינע ביינער. איך קען פאַרט ניט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז עס איז געקומען מיין סוף...

...וואַנדאַ שלאָפט נאָך. עס איז זייער פרי. עס איז נאָך ניט אינגאַנצן ליכטיק. די זון רעגנט אַריין דורך דיביימער מיט פיבערדיקע קאָלירן. די לופט ווימלט מיט לעבן. אַלץ זינגט מיט דער פרייד פון זיך. אַלץ וואָס לעבט וויל לאָזן אַ טייל פון זיך צו פאַרזעצן דעם שטאַם נאָכן טויט. נאָר איך וועל זיין דער לעצטער פון מיין איך! מיינע טריט וועלן פאַר־ווישט ווערן פון דער ערד, ווי קיינמאָל נישט געווען...

אינדערפרי האָט מיך וואַנדאַ אָנגעקוקט מיט די אויגן פון אייביקייט. זי ווייסט, אַז מיינע טעג זיינען געציילטע. זי איז געזעסן מיט מיר אַ גאַנצע נאַכט, געגלעט מיינע האָר און פּרובירט מיך איינשלעפערן. איך ווייס, אַז איך וועל מער נישט שלאָפן, ביז דער טויט וועט פאַרמאַכן מיינע אויגן. עפּעס ברענט אין מיין קערפּער און דער ווייטיק פאַרשווינדט ניט אויף קיין רגע. וואַנדאַ וויל, אַז מיר זאָלן גיין אין שטעטל און דאָרט זוכן הילף. איך ווייס, אַז קיין הילף איז פאַר מיר נישטאָ. אָבער איך וויל נישט שטאַרבן! איך האָב מורא און מיין שרעק איז גרויליק...

...דאָס זיינען מיינע לעצטע פאַרצייכענונגען, דאָס וועלן זיין מיינע לעצטע ווערטער. איך האָב געבעטן וואַנדאַן, אַז מיין טאָג־בוך זאָל איבערגעשיקט ווערן צו מאַיקן. מיין גאַנצער קערפּער ברענט מיט פיבער, מיין קערפּער פילט מער נישט קיין ווייטיק. מיינע פיס זיינען פאַר־גליווערט. איך קען זיי מער נישט רירן! נאָר מיינע געדאַנקען זיינען קלאָר. איך ווייס וואָס איך טו. איך ווייס נאָך אַלץ נישט ווער זי איז, אָדער פון וואַנען זי קומט. וואָס איז דער אונטערשייד?!... אַ דאַנק גאָט, וואָס זי איז מיט מיר און איך שטאַרב נישט אין איינזאַמקייט.

איך פיל דאָס אָנקומען פון אָוונט, דאָס אָנקומען פון מיין לעצטער נאַכט. דורך די פענצטער פאַרשווינדן די לעצטע זון־שטראַלן. איך זע

נאָך אַ שטיק באַזילבערטן הימל. איך בין מיד, אָבער איך האָב מורא פאַרמאַכן די אויגן. וואַנדאַ איז נישטאָ. איך ווייס ניט ווען זי איז פאַר־שוואונדן... איך טראַכט, אַז אפשר איז זי קיינמאָל ניט געווען. מיינע לעצטע ווערטער: „עס ווערט טונקל אין מיינע אויגן. איך הער נאָך דאָס זשומען פון די פליגן. דאָס זינגען פון די פויגלען איז איצט שטיל געוואָרן. אַליין...”

# קינדער

איך בעט אייך, הערט אויס מיין קינד. איך ווייס, אַז איר קענט אים ניט העלפֿן. שוין געווען אין די שפּיטאָלן, ביי פּריוואַטע דאָקטוירים, און קיינער קען גאָרניט טאָן פֿאַר אים. אַ טייער קינד; באַשערט אַן אומגליק. זאָל זיך שוין גאָט דערבאַרעמען אויף אונדז.

איך בין אַ פּראָסטער פּרעסער. געאַרבעט שווער מיין גאַנצן לעבן. געהאָפֿט, אַז מיין קינד וועט אויסוואַקסן, הייראַטן און האָבן קינדער. אָבער כ'איז ניט געווען באַשערט.

דעם קומענדיקן פּרימאָרגן בין איך געקומען פֿריער ווי אַלע מאָל. אין דרויסן איז נאָך געווען טונקל. שניי איז געפֿאַלן. די לופֿט איז געווען קיל, און די גאַס איז געווען פּוסט. אָבער דער אַלטער אַרבעטער מיט זיין זון זיינען שוין געשטאַנען ביי דער טיר און האָבן געוואַרט.

אין מיין אָפֿיס איז געווען קאַלט. די פֿענצטער — נאַס און פֿאַרשנייט. דער פּרעסער איז געבליבן שטיין אין מיטן חדר און האָט זיך געוויגט פֿון מידקייט. דאָס געזיכט ווי פֿאַרמעלט. די ליפּן — בלויע און פֿאַרטריקנטע. איך האָב אים אַרויסגעפֿירט פֿון אָפֿיס און זיך צוריקגעקערט צום זון בילטאָן.

אַ ווײַלע האָבן מיר ביידע געשוויגן. עס איז געווען שווער אָנצוהויבן ריידן. איך האָב אים באַטראַכט און זיך געוואונדערט וואָס זיין פֿאָטער וויל פֿון אים, ער איז אַלט געווען אַ יאָר דריי־פֿיר און צוואַנציק. הויך און שטאַרק געבויט. דאָס געזיכט אַ פֿאַרברוינטס, די אויגן וואַרעמע, ווי דער שמייכל אויף זיינע ליפּן. עס איז ניט געווען קיין ברעקל נערוועזיטעט אין זיין גאַנצן אויסזען. „אַ פֿיינער יונגערמאַן”, האָב איך געטראַכט, „ניט ערגער אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט”.

ווען איך האָב זיך אַוועקגעזעצט, פֿאַררויכערט אַ סיגאַרעט און גע־טראַכט ווי אָנהייבן דעם שמועס, האָט ער מיר פּלוצים אַרויסגעהאָלפֿן.

ער האָט אָנגעהויבןריידן מיט אַ פיינער באַסאָווער שטימע. געלאַסן און מיט אַן אינטימקייט, ווי מיר וואָלטן געווען אַלטע באַקאַנטע, האָט ער אָנגעהויבן:

„עס איז אַ רחמנות אויף מיין פאָטער. נאָר איך בין אַליין שולדיק. ניט געדאַרפט צוריקקומען אַהיים. מיין מוטער איז געשטאָרבן, ווען איך בין נאָך אַ קינד געווען. מיין פאָטער איז געבליבן אַליין. זיין גאַנץ לעבן האָט ער שווער געאַרבעט מיר צו געבן דאָס בעסטע פון אַלץ. קיין זאַך איז ניט געווען צו־גוט פאַר מיר. אַלצדינג וואָס עס האָט אים געפעלט אין זיין לעבן, האָט ער געזען, אַז מיר זאָל ניט פעלן.

„אָבער עלנט בין איך געווען. עס איז עפּעס געשטאַנען צווישן מיר און דער וועלט פון מענטשן. דעם טאַטן האָב איך עס קיינמאָל ניט דערציילט. צו וואָס מאַכן זיין לעבן שווערער ווי עס איז? איך האָב אים אַלע מאָל געזאָגט, אַז איך בין צופרידן. ווען איך פלעג שמייכלען, פלעגט זיין פּנים אויפלייכטן. האָב איך באַהאַלטן מיין אומעט און מיט אומעט אין האַרצן זיך געוואָרגן.

איך ווייס ניט פאַרוואָס איז מיין לעבן פון קינדווייז אָן געווען אַזוי זיבלאָז. קיין זאַך האָט מיר ניט געבראַכט קיין פרייד. אין שול בין איך געווען אַ גוטער שילער. דאָס לערנען איז מיר אָנגעקומען לייכט. אָבער קיין פריינד האָב איך ניט געהאַט. אינטים בין איך מיט קיינעם ניט געווען.

„צוליב וואָס איך דערצייל אייך דאָס אַלץ? ערשטנס, מיין פאָטער. איך וויל אַלץ טאָן אים גרינגער צו מאַכן. צווייטנס, ווילט זיך ריידן. עס איז אַזוי שווער אויפן האַרצן. איך וואָלט געוואָלט אַנטלויפן ערגעץ אין אַ פרעמדער שטאָט און זיין איינער אַליין. עס איז אָבער אַ רחמנות אויף מיין טאַטן... איך קען אים ניט לאָזן אַליין. איך קען ניט.

„אין מיינע עלנטע קינדער־יאָרן האָב איך אָנגעהויבן בויען אַ טרוימען־וועלט. איך האָב געדאַרפט עפּעס טאָן צו קענען לעבן. ווען מיין מוטער איז געשטאָרבן, איז דאָס הויז פאַרשטילט געוואָרן. איך האָב באַלד געהאַט דעם געפיל, אַז קיין זאַך וועט מער ניט זיין ווי געווען. דער טאַטע, וועלכער איז געווען אַ באַרעדעוודיקער, האָט זעלטן זיין מויל געעפנט. זיינע הענט זיינען געווען די איינציקע, מיט וועלכע ער האָט אויסגעדריקט זיינע געפילן. ער פלעגט זיצן ביי דער אַרבעט און מיט זיינע שטאַרקע, וואַרעמע הענט גלעטן מיינע האָר און מיין פּנים. איך פלעג האַלטן מיינע אויגן

פאַרמאַכט, און מאַכנדיק דעם אָנשטעל אַז איך שלאָף, פלעג איך זיך צוהערן צו זיינע טריט, ווען ער פלעגט פאַרלאָזן מיין צימער. איך בין דעמאָלט אַלט געווען צען יאָר.

„בלייבנדיק אַליין אין מיין אייגענער וועלט, פלעג איך ליגן וואַרעם איינגעדעקט אונטער דער קאָלדרע, קוקן אין דער פינצטערניש און זיך פאָרשטעלן פאַרשיידענע זאַכן. איך האָב געמוזט שאַפן אַן אייגענע וועלט, ווייל איך בין געווען עלנט און צעשראָקן. אַ סך מאָל פלעגט דער טאַטע קומען שפעט אַהיים. ער האָט געוואָלט פאַרדינען מער געלט צו פאַר־זאָרגן מיין צוקונפט. אָבער איך האָב געבענקט נאָך אַ טאַטן, וועלכער זאָל מיך נעמען צו אַ בייז־באָל געים, אָדער אין צירק. איך האָב געוואָלט זיין אַ קינד ווי אַלע קינדער. אָבער דאָס האָט קיינמאָל ניט פאַסירט. איך בין געוואקסן מיט די נאַכט־שאָטנס. די וועלט פון ווירקלעכקייט איז ביסלעכווייז פאַרשוואונדן פון מיין לעבן.

„פלעג איך ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און זיך שפינען פאַרשיידענע פאַנטאַזיעס: פליען אין לופט־שיפן צו פרעמדע וועלטן. איך בין געווען דער קאַפּיטאַן און אַנדערע קינדער מיינע באַהעלפער. מיר זיינען געווען אָנגעטאָן אין רייך־קאָלירטע קליידער. מוזיק האָט געשפילט און די קינדער, בּיידלעך און יינגלעך, פלעגן טאַנצן, און די לופטשיף האָט זיך ריטמיש געוויגט און געפלויגן צום אייביקן לאַנד — אַ לאַנד פון בלומען און זונשיין. די הייזער געבויט פון קרישטאָל; פויגל מיט טויזנטער קאָלירן פילן אָן די לופט מיט געזאַנג און שפיגלען זיך אין טייכן מיט בלויע וואַסערן; אַ לאַנד וואו נאָר קינדער קענען קומען, ווייל פאַר דערוואקסענע זיינען די טירן דאָרטן פאַרשלאָסן...

„נאַכט נאָך נאַכט אַנדערע וועלטן. די טעג זיינען מיר געווען לאַנג־ווייליק. איך האָב געבענקט נאָך די נעכט, נאָך מיין חדר און מיין אייגענער וועלט. אַלע קינדער ווילן אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט. קיין קינד וויל ניט עלטער ווערן. אַ שרעק לויערט אין דער וועלט פון די גרויסע, פון די דערוואקסענע — ניטאָ קיין פרייד, קיין געלעכטער, נאָר אייביקער אימפּעט, אַ שטענדיקע זאָרג, וואָס כאַפּט אַרום ווען מען וואַקסט אויס.

„פלעג איך בענקען נאָך די נעכט. די טעג זיינען געווען איבעריקע און שווערע. אין די אָוונטן פלעג איך זעלטן גיין ערגעץ. פלעג פאַרטיק ווערן מיט דער שול־אַרבעט, מיט די ביכער, העלפן האַלטן דאָס הויז

אין אָרדענונג, וואַשן, רייניקן און אַמאָל אַפילו קאָכן און צוגרייטן עסן פֿאַר דעם טאַטן. כ׳האָב געלייענט ביכער וועגן אַלטע־אַלטע צייטן, וועגן מענטשן און שטעט, וועלכע האָבן אַמאָל געלעבט און מיסטעריעז פֿאַר־שוואונדן.

„דעם טאַטן האָב איך קיינמאָל ניט דערציילט וועגן מיין אַנדער לעבן. איך גלויב קוים אויב ער וואָלט מיר פֿאַרשטאַנען. עס וואָלט אים נאָר פֿאַרשאַפֿט שרעק און געמאַכט זיין לעבן שווערער, — נאָר מיין איינזאַמקייט איז געוואָרן אומדערטרעגלעך, מיין געמיט ביטער, די טעג אומרואיקע און איך האָב זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען. ווי אַ פֿאַרוואָרפֿענער אין אַ פרעמדער וועלט, וועלכער בענקט צוריק אַהיים, אַזוי האָב איך גע־בענקט נאָך די נעכט און מיינע פֿאַנטאַזיעס, וועלכע האָבן זיך אייביק געשפּונען.״

* * *

עס איז געוואָרן שפּעט און איך האָב אים געבעטן ער זאָל צוריקקומען מאָרגן אין דער פרי. ער האָט מיך באַדאַנקט, געדריקט וואַרעם מיין האַנט און געזאָגט, אַז ער וועט זיין פּינקטלעך. — — —

אַ גאַנצן טאָג איז מיר מילטאָן ניט אַרויס פֿון זינען. פֿאַרנאַכט איז דער טאַטע געקומען. איך האָב אים געזאָגט, אַז ער האָט זייער אַ פיינעם זון; אַז מאָרגן פרי וועל איך אים ווידער זען.

די גאַנצע נאַכט האָב איך שלעכט געשלאָפֿן. דער פרימאָרגן איז געווען אַ קאַלטער און נאַסער. אַ דריבנער רעגן איז געפֿאַלן. מילטאָן איז געשטאַ־נען ווי אַ שאָטן ביי דער טיר. איך האָב אים געפרעגט ווי לאַנג ער וואַרט שוין, און ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער איז אין דער היים ניט געווען. „איך האָב געוואַנדערט אין די גאַסן און געטראַכט״.

איך האָב געעפֿנט די טיר און אים געבעטן זיך אַוועקזעצן. אַ מידער איז ער אַריינגעפֿאַלן אין אַ שטול און האַלב־פֿאַרמאַכט די אויגן. איך האָב פֿאַררויכערט און אים אָנגעבאָטן אַ סיגאַרעט. ער האָט דאָס גענומען מיט אַ ציטערדיקער האַנט. מיר האָבן ביידע געשוויגן און געוואַרט. ענדלעך האָט ער פֿאַרגעזעצט זיין געשיכטע:

„די דאָקטוירים זאָגן, אַז איך לייד פֿון אַן איינריידעניש; פֿון האַלו־ציִנאַציעס, אַז מיט דער צייט וועט עס פֿאַרשווינדן. זיי זאָגן, אַז דאָס אַלץ

קומט צוליב דעם, ווייל איך בין געבליבן אַן אַ מוטער אין מיין קינד־הייט, — אַז עפּעס האָב איך פאַרלאָרן און איך זוך דאָס צוריק געפינען.

„קען זיין, אַז דאָס אַלץ איז ריכטיק, אָבער איך בעט אייך, וואָס העלפט דאָס מיר?... איך וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון דעם אַלעמען אין אַן אַנדער שטאָט, אַן אַנדער הויז מיט אַנדערע מענטשן. איך קען אָבער ניט איבערלאָזן דעם טאַטן. קיין גוטס טו איך אים אויך ניט. אָרעמער טאַטע! וואָס איך זאָל ניט טאָן, וועט אים ניט העלפן.

„איך אַרבעט שווער בייטאָג. איך האָב איבערגעלאָזן דעם אוניווער־סיטעט און אַוועק אַרבעטן ביים האָפן. איך האָב ליב דעם גערוך פון געזאַלצן וואַסער, די ווינטלעך וועלכע טראָגן זיך פון די ווייטע ווייטן. איך האָב גערן די מענטשן, מיט וועלכע איך אַרבעט. איך האָב ליב די שיפן, וועלכע קומען און פאַרשווינדן, און דער האָריזאָנט ברענגט טרערן אין מיינע אויגן. איך לערן זיך אין די אָוונטן „מאַרין אינזשינירינג", האָף צו קענען אַנטלויפן וואו די אויגן וועלן מיר טראָגן — און קיינמאָל מער צוריק ניט קומען.

„נאָר דערווייל מוז איך ריידן! עס ווערט מיר גרינגער, ווען איך קען דערציילן וואָס עס פּאַסירט מיט מיר. נעכטן בין איך אַהיים געקומען שפּעט. דער טאַטע איז געשלאָפן מיט אַ שווער געמיט, ער איז ניט געווען רואיק און זיך געוואָרפן און גערעדט פון שלאָף. איך האָב שטיל פאַרמאַכט מיין טיר און געבליבן שטיין מיט מיין אָנטאָן ביים פענצטער.

„עס איז געווען אַ ליכטיקע נאַכט. די לבנה האָט געשיינט מיט אַ מעטאַלענעם גלאַנץ, דער הימל איז געווען פאַרזייט מיט שטערן. אין צימער איז געווען שטיל, נאָר פון ערגעץ האָט זיך דערטראָגן דאָס כליפּען פון אַ קינד. אוונטן אין הויף זיינען אַמאָל געוואַקסן בוימער, נאָך איצט ליגן זיי פאַרפוילטע. די שטיינערנע בענק זיינען צעבראָכן, מיסט און פאַרלאָזנקייט אין יעדן ווינקל. און מיטאַמאָל איז דאָס אַלץ פאַרשוואונדן! איך האָב געוואוסט, אַז איך גיי מאַכן איינע פון מיינע פאַנטאַסטישע רייזעס אין אַן אַנדער וועלט.

„איך האָב זיך געפונען אין אַ פרעמדער שטאָט. די הייזער מיט מע־טאַלענע טורעמס. אַזאַ שטילקייט אין די גאַסן! די הייזער פינצטער און גרוי. נישטאָ קיין אָטעם פון לעבן. דאָס איינציקע ליכט איז פון דער לבנה און די שטערן. נאָך אַ שטאָט הויך אויף אַ באַרג. גרויע שטיגן פירן

העכער און העכער. איך קלעטער און מיין אָטעם פאַרכאַפּט מיר. איך מוז דערגרייכן דעם שפּיץ באַרג! עפּעס טרייבט מיך מיט אַזאַ אימפּעט! נאָר קיין סוף איז ניטאָ... מיינע פיס ציטערן פון שוואַכקייט, טרערן רינען איבער מיינע באַקן. איך קריך אויף אַלע פיר, מיינע הענט בלוטיקן. נאָך אַ ווײַלע און איך בלייב ליגן אַ באַוואוסטלאָזער. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט אין מיין צימער, האָט שוין דער פרימאָרגן געגרויט.

„אָבער ניט אַלע מאָל זיינען מיינע וויזיעס אַזוי גרויליק. ווען איך בין געוואָרן זעכצן יאָר האָט זיך עס אָנגעפאַנגען, און זינט דעמאָלט קומען זיי צו מיר אין פאַרשיידענע וואַריאַציעס. די בילדער בייטן זיך, די סצענעס זיינען פאַרשיידנאַרטיקע, אָבער דער הויפּט מאָטיוו איז דער זעלביקער — איך וויל דערגרייכן, וואָס עס איז ניט דערגרייכבאַר. עס שטייט אַן אייזערנע האַנט צווישן מיר און מיינע פאַרלאַנגען. וואו איך גיי, איז ניט דערגאַנגען! — מיינע פאַרלאַנגען ווערן קיינמאָל ניט דערפילט. פאַנטאַזיע, וויזיעס, רעאַליטעט זיינען אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אַז איך ווייס ניט וואָס איז וואָס.

„איך גיי בייטאָג אין גאַס מיט טויזנטער מענטשן, נאָר איך בין אַליין. אַלץ וואָס איך זע, איז ווי דורך אַ פאָרהאַנג. איך ווייס ניט, וואו די וואָר ענדיקט זיך און די פאַנטאַזיע פאַנגט זיך אָן. אפשר איז גאָר ניטאָ קיין אָנפאַנג און ענדע?... מעגלעך, אַז דאָס לעבן איז ווי אַ ראָד, גייסט אַרום און אַרום און קומסט צוריק צום זעלבן אָרט.

„אַמאָל, גייענדיק אין גאַס, ווער איך פאַרלאָרן אין ערגעץ־לאַנד. איך האָב מורא מאַכן אַ טריט, אום ניט צעמאָלן ווערן פון די אויטאָמאָבילן. איך ווייס קיינמאָל ניט וואָס די קומענדיקע מינוט וועט ברענגען! — שאַר איך זיך האַרט ביי די ווענט פון די הייזער, און ווען עפּעס פּאַסירט, פּרוביר איך זיך אָנשפּאַרן אָן אַ וואַנט, שטיין ווי פאַרגליווערט. אָבער דאָס העלפט ניט אַלע מאָל. איין מאָל האָט עפּעס פּאַסירט, ווען איך בין געווען אויף דער פערציקסטער גאַס. און ווען עס איז געווען פאַריבער, האָב איך זיך געפונען אין בראָנקס פּאַרק. איך ווייס ניט ווי איך בין געקומען אַהין, איך ווייס ניט ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט.

„אָבער לעצטנס וואַקסט אין מיר אַ שרעק. וועל איך פאַרשווינדן און מער צוריק ניט קומען. איך פאַרשטיי וואָס איר קענט טראַכטן וועגן מיר. אפשר וואָלט איך געדאַרפט שווייגן. וואָס פאַר אַ נוצן ברענגען מיינע רייד?...

איך אַליין וואָלט ניט געוועזן בעסער. איך וואָלט זיכער געטראַכט דאָס זעלבע, אַז דער מענטש באַלאַנגט אין אַ משוגעים־הויז!" — — —

* * *

דעם לעצטן פרימאָרגן איז ער געקומען שפּעט. איך האָב געוואַרט אויף אים אין דרויסן, געטראַכט, אַז ער וועט שוין מער ניט קומען. אָבער מילטאָן האָט געוואַרט ביי דער טיר. אין מיין אָפיס איז ער געזעסן אַ מידער און אַ שווייגנדיקער. מיט אַ נאַכט פריער האָב איך געזען זיין טאַטן און ער האָט מיר דערציילט וועגן מילטאָנס מיליטערישער דינסט. ער האָט געדינט אַ יאָר און איז דערנאָך באַפרייט געוואָרן. דער טאַטע האָט קיינמאָל ניט געוואוסט פאַרוואָס.

— וואָס איז דער אונטערשייד? — האָט ער געטראַכט. — דאַנקען גאָט, ער איז צוריק אין דער היים!

איצט ווייסט ער וואָס דער אומגליק איז. די לעצטע פּאָר גראָשן שוין אָוועקגעגעבן די דאָקטוירים, און קיין הילף איז ניטאָ.

מילטאָן קוקט אויף מיר און שמייכלט פאַרלאָרן.

„איך בין אַזוי מיד, אַזוי מיד", רעדט ער שטיל. „איך שלאָף ווייניק. איך האָב מורא פאַרמאַכן די אויגן. אַ מאָדנער געפיל דריקט מיין האַרץ. נעכטן האָב איך אויפגעגעבן מיין אַרבעט. עס האָט מיר דערעסן. איך בין געזעסן ביים האַפן מיט די אויגן צו דער זון, געקוקט אין די ווייטע ווייטקייטן. איך האָב געהאַט דעם געפיל, אַז איך וועל דאָס אַלץ מער ניט זען."

* * *

איך האָב אים אָנגעקוקט און געטראַכט, אַז די ווערטער האַרמאָנירן ניט מיט דעם אויסזען פון מילטאָנען. קיין ברעקל בלאַסקייט אויף זיין געזיכט. די אויגן בלויע, רואיקע. ער איז הויך און שטאַלץ ווי אַ סאָסנע. נאָר די ווינקלען פון מויל האָבן קנייטשן פון ביטערקייט. עס איז געווען אַ סך ערדישעס אין זיינע פולע ליפּן. איך האָב געטראַכט, אַז פרויען וואָלטן געוועזן שטאָלץ צו האָבן אים פאַר אַ מאַן. אַ מאָדנע פרייד איז געווען באַהאַלטן אין דער טיפעניש פון זיין האַרצן.

ער האָט געקוקט אין דער טונקלקייט, וועלכע האָט געציטערט אויף די שויבן. מיט אַ מאָל האָבן זיינע אויגן פאַרלאָרן דעם שיין. זיינע אָרעמס זיינען געהאַנגען אָן לעבן. ער האָט געקוקט אויף מיר און ניט

געוואוסט ווער איך בין. ער האָט ניט געוואוסט, וואו ער געפינט זיך. ער איז אויפגעשטאַנען און מיט ליימיקע פיס אָנגעהויבן גיין צו דער טיר. ווי אַ בלינדער, מיט די אָרעמס צעשפרייט. די פינגער ציטערדיקע, האָט ער געטאַפּט די ווענט. איך האָב אים פּרובירט פאַרהאַלטן און ניט געקענט. ער האָט מיך אָוועקגעשטופּט פון זיך מיט אַזאַ קראַפט, אַז איך בין געפאַלן. ווען איך האָב זיך אויפגעהויבן, איז ער מער ניט געווען. איך בין געלאָפן צו די שטיגן און נאָך געהערט די לעצטע קלאַנגען פון זיינע שווערע טריט. מיט אַ שווער האַרץ האָב איך זיך אומגעקערט אין מיין חדר.

* * *

אין אַ קורצן נאָטיץ אין אַ ווינקל פון אַ צייטונג האָב איך געלייענט אַ פּאָר טעג שפּעטער די טראַגישע נייעס פון זיין טויט:

„אַ יונגערמאַן איז אַרויסגעשפּרונגען פון אַ פענצטער פון צוואַנציקסטן גאָרן פון האָטעל ביסמאַרק. מען ווייסט ניט, צי ער איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד, אָדער עס איז געווען אַן אומגליקספאַל.

# בענדזשי

די מומע האָט אים צוגעוואונטשן: „גיי געזונטערהייט! זאָל זיין מיט מזל!" זי האָט געזאָגט צו איר טאָכטער: „איטקע, פיר אים צו און ווייז אים די קאַר. זאָג אָן דעם קאָנדוקטאָר וואו אים אַרונטערצולאָזן. פאַרגעס ניט, ער איז נאָך אַ גרינער. גאָט מיינער, ווען זיין מאַמע וואָלט געלעבט, וואָלט זי געוויינט מיט ביטערע טרערן: איר בענדזשעלע זאָל אַזוי יונג שוין דאַרפן גיין צו דער אַרבעט. נו, זאָל זיין מיט גליק! זיי אַ גוטער ייד."

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן בענדזשיס ערשטער טאָג אַרבעט. ער איז דעמאָלט אַלט געווען בלויז פערצן יאָר. געווען אָבער אַ היפשער יונג, געהאַט ברייטע פלייצעס, אַ קוטשמע ברוינע האָר און גרויסע אויגן מיט שווערע ברעמען.

שווער צו זאָגן וואָס ער האָט געטראַכט יענעם פרימאָרגן.

פריילעך איז אים ניט געווען. עס האָט אים אַביסל געשטיקט אין האַלדז. ער האָט געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז עפּעס שוידערלעכעס וועט מיט אים פּאַסירן. וואָס, האָט ער אַליין ניט געוואוסט.

דער באָס, אַ רויטער ייד מיט אַ שפּיציק בערדל און ברייטע, נאַסע ליפּן און בייזע אויגן, האָט זיך אַפילו ניט אומגעקוקט אויף אים. מיסטער לעמפּערט האָט נאָר אַ בורטשע געטאָן, אים אָפּגעמאָסטן מיט די אויגן, ווי ער וואָלט זאָגן: „עט, זאָל נאָך איינער זיך וואַלגערן". און אַזוי איז טאַקע געווען. געוואַלגערט האָט ער זיך. אַוואו אַ לאָך, האָט מען מיט אים פאַרשטאָפּט, געאַרבעט האָט ער ווי אַ פערד; געוואָרן אויסגעווייקט ווי אַ הערינג, און די מומע האָט געקוקט אויף אים און געבראָכן די הענט.

די פאַבריק איז געווען אויף גרין סטריט. זיין מומע האָט געוואוינט אויף דער זיבעטער גאַס, אין האַרץ פון דער „איסט סייד". דער פעטער איז שוין לאַנג געווען טויט, געבליבן איז אַן איין איינציק טעכטערל, אַ פיינע, אַ ליבינקע, שוין געווען פאַרהייראַט אַ פּאָר יאָר, אָבער קיין קינד איז

נאָך ניט געקומען. די מומע פלעגט קרעכצן אויף איר ביטער מזל און גאָט געבעטן אויף אָן אייניקל אײדער זי פאַרמאַכט די אויגן אויף אייביק.

איטקע האָט געוואוינט מיט דער מאַמען. חדרים זיינען געווען גענוג, און דער מאַן האָט געטאָן אַליץ, וואָס איטקע האָט געוואָלט, ווייל ער האָט זי שטאַרק ליב געהאַט און איר געקוקט אין די אויגן.

פאַרטאָג פלעגט בענדזשי אַוועק פון הויז. ער פלעגט פאַמעלעך שפּאַצירן צו דער אַרבעט און שפּאַצירנדיק לייענען אַ יידישע מאָרגן-צייטונג. אַמאָל פלעגט ער בלייבן שטיין, זיך אַרומקוקן אויף דער שטראָמענדיקער מאַסע מענטשן, און זיך דערפילן אַביסל בעסער. ער האָט געטראַכט, אַז אַזוי מוז מסתמא זיין: אַלע מענטשן שטראָמען דאָך אַהער; אַלע וועגן פירן צו די פאַבריקן, פאַרשטויבטע געביידעס, וואו זיי פאַרלירן דאָס ליכט פון טאָג צווישן די ברודיקע ווענט.

בענדזשיק איז אַלע מאָל געווען דער ערשטער. ער פלעגט שטיין אָנגעשפּאַרט אָן וואַנט פון דער געביידע און טראַכטן אומעטיקע געדאַנקען: שוין אַ יאָר, אַז ער אַרבעט פּאַר מיסטער לעמפּערט. ער זעט ניט קיין סוף פון דער וויסטער פּראַצע. ער גייט ביינאַכט אין שול, לערנט זיך, וויל עפּעס אויפטאָן אויף דער וועלט — אָבער דער קאָפּ קען צופיל ניט פאַרנעמען. נאָך אַ טאָג אַרבעט ווערט דער קערפּער שווער און דער קאָפּ ליידיק. ער קען דער מומען גאָר ניט זאָגן. קומט ער אַהיים און שווייגט. וואַשט אָפּ דעם שווייס און דעם שטויב פון זיך, כאַפּט אַ פּאָר ביסן און אַנטלויפט אין שולע.

די פאַבריק איז געווען מיסטער לעמפּערטס שטאָלץ. לעמפּערט אַליין האָט געאַרבעט שווער. זעלטן גערוט. זיין רויטער קאָפּ איז געווען אומעטום, וואו מען האָט זיך נאָר אַ קער געטאָן. ער האָט זיך אויסגעטויגט צו אַליץ. האָט מען געדאַרפט אויסבעסערן אַ מאַשין — ער איז דאָ! זיינע הענט האָבן געאַרבעט, ווי אַ טייוול וואָלט געווען אין זיי! אַ באַנוול פאַבריק, מיט רייען שפּינדלעך, מיט יונגע מיידלשע הענט, וועלכע האָבן געאַרבעט ווי אין פיבער. „קאָטען" אין פאַרשיידענע קאָלירן געפּאַרבט, האָט זיך געוויקלט אויף שפּולן. עס זיינען געווען אַנדערע מאַשינען פון פאַרשיידענע וואַריאַציעס, מיט זייער אייגענעם אָטעם, און אייגן לעבן. און יונגע מיידלעך, די מערסטע פון זיי מיט דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן, האָבן מיט די פינגער אויסגעטאַנצט זייערע טעג.

עס פלעגט שוין זיין שטאַרק טונקל אין דרויסן, ווען זיי פלעגן גיין אַהיים. אַמאָל פלעגט בענדזשי גיין אַליין. אַמאָל איז איינע פון די מיידלעך מיטגעגאַנגען. די מערסטע פון זיי האָבן געוואוינט אין איינער פון די גאַסן אויף דער „איסט סייד״. אָבער מערסטנס האָט אים באַגלייט ראָזע. זי איז געווען שיין געוואקסן, געהאַט שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגן. דער פּנים — טונקל ווי אַליוון. זי פלעגט זיך אָנהאַלטן אין זיין אָרעם און שמייכלענדיק זאָגן: „מאַמאַ מיאַ! נאָך אַ טאָג אַוועק. מיר ווערן אַלט, בענדזשי, מיר ווערן אַלט!״

בענדזשי איז שוין געווען זיבעצן יאָר. ראָזע — דאָס זעלבע.

אַ וואַרעמע מיידל מיט קלוגע אויגן. „אַ פּאַווע מיט גאָלדענע פּע־דערן״, ציכטיק, זויבער. עס איז געווען אַ פרייד צו פילן איר קערפּער לעבן זיין אָרעם.

„וואָס טוסטו היינט, בענדזשי? ווילסט אפשר גיין מיט מיר אַהיים?... איך האָב זייער אַ שיינע מאַמע. דער טאַטע וועט דיך דערשטעכן, אויב דו וועסט צו פיל קוקן אויף איר. ער איז זייער אייפערזיכטיק! אַזוי איז ער אַ גוטינקער — וועט דיר די נשמה אַוועקגעבן. איך האָב אויך אַן עלטערע שוועסטער, שיין ווי די וועלט! מאַך ניט קיין „מאָנקי ביזנעס״ מיט איר! איך שווער, איך וועל דיר דאָס האַרץ אויסשניידן!״

נאָך אַזאַ שמועס פלעגן זיי לאַכן ווי קינדער.

בענדזשי פלעגט איר דערקלערן, אַז ער קען ניט גיין מיט איר: „איך מוז גיין אין שולע. איך מוז זיך לערנען און ווערן עפּעס! איך וויל ניט בלייבן מיין גאַנץ לעבן אין לעמפּערטס פּאָדים־פאַבריק. איך וויל וויסן וואָס ס'טוט זיך אויף דער וועלט. עס איז דאָ אַזוי פיל וואָס איך ווייס ניט. איך האָף אַמאָל צו הייראַטן, האָבן קינדער. איך וויל, אַז די וועלט זאָל מיך רעספּעקטירן, און מיינע קינדער אַוודאי.״

ווען בענדזשי פלעגט דערמאָנען דאָס וואָרט „הייראַטן״, פלעגט ראָזאַס פּנים אויפלויכטן.

— דו ביסט גערעכט, בענדזשי! אַ מאַן דאַרף האָבן אַ ווייב, האָבן קינדער און אַן אייגענע היים. מען דאַרף צו פיל ניט וואַרטן. עס איז בעסער האָבן קינדער, ווען מען איז יונג, מען האָט מער געדולד און די פרייד איז אַ גרעסערע. דו טוסט גוט, וואָס דו לערנסט זיך! איך בין זיכער, אַז דו וועסט זיין אַ שטאָלץ פאַר דער פאַמיליע.

האָט בענדזשי אַ סך געטראַכט וועגן ראָזען. ער פלעגט זיך אַביסל דערשרעקן פאַר זיינע אייגענע געדאַנקען. ווען זי זאָל זיין אַ יידישע טאָכ־טער — אָבער ווי קען ער טראַכטן וועגן איר? דער טאַטע און די מאַמע וועלן אין קבר ניט קענען איינליגן! און וואָס וועט זיין מיט די קינדער?... האַלב ייד, האַלב קריסט! ניט אַהער און ניט אַהין. ניט אויף דער וועלט, ניט אויף יענער וועלט. אָרעמע קינדער! ווי קען ער גאָר אַפילו טראַכטן וועגן דעם?... דערצו איז ער נאָך אַזוי יונג. וואָס איז די איילעניש? ער מוז זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די אַלע נאַרישקייטן.

* * *

בענדזשי איז געקומען אַהיים זייער אומעטיק. די מומע איז ניט געווען אין הויז. איטקע האָט אים באַגריסט מיט איר ליבן שמייכל: „וואַש זיך אָרום און איך וועל האָבן דאָס עסן אויפן טיש אין אַ פּאָר מינוט. מישאַ איז אין פּאַרלאָר. זיץ מיט אים אַביסל ביז איך וועל אייך רופן צום טיש”.

מישאַ, איטקעס מאַן, איז הויך און דאַר. אַ שטימונגספולער מענטש. ער לאַכט קיינמאָל ניט. דאָס בעסטע וואָס מען קען קריגן פון אים, איז אַ בלייכן שמייכל. ער לייענט אַ סך, דערהויפּט לידער! ער עפנט און פאַר־מאַכט זיינע דינע ליפּן, און דו האָסט דעם געפיל, אַז ער זאָגט עפּעס אַ שטילן געבעט און וויל ניט טיילן זיינע געדאַנקען מיט קיינעם ניט.

אָפּגעגעסן ,איז בענדזשי אַוועק אין דער אַכטער גאַס. דאָרטן איז געווען אַ קלוב, וואו יוגנטלעכע פלעגן זיך צוזאַמענקומען און פירן דיסקו־סיעס וועגן גאָט, מענטשן און דער וועלט. אין דעם קלוב זיינען אַ סך ליבעס פאַרקניפּט געוואָרן. פאַרוואָס בענדזשי איז אַהין געגאַנגען, האָט ער אַליין ניט געוואוסט. ער פלעגט זעלטן ריידן אַ וואָרט. פלעגט זיצן, זיך צוהערן און אַליין שווייגן. די מיידלעך האָבן אים צורו געלאָזן. גע־טראַכט אַוודאי, אַז ער איז ניט אַהער, ניט אַהין. מערסטע יוגנטלעכע זיינען געווען סטודענטן, זיך געלערנט פאַר דאָקטוירים, אינזשינערן און אַנדערע פּראָפעסיעס. נאָר ער אַליין שווימט מיטן שטראָם אָן אַ ציל, טראַכט ער.

* * *

בענדזשי האָט זיך געפילט מיטלאָז דעם אָוונט. עס איז געווען האַרבסט, די בלעטער זיינען שוין געפאַלן פון די בוימער אין דעם דערבייאיקן פּאַרק אויף דער אַכטער גאַס. פון „איסט ריווער” האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט.

די בענקלעך זיינען געשטאַנען ליידיקע, דער הימל איז געווען פאַרכמאַרעט. געלע בלעטער האָבן געטאַנצט, זיך געדרייט אין אַ קאַראַהאָד. עס וועט זיכער רעגענען. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ זייטיקער באַנק, פאַר־מאַכט די אויגן און אַן אומעט איז אים באַפאַלן.

עמעצער האָט אַוועקגעלייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל. ער האָט ראַפּטאָם אויפגעעפנט די אויגן און זיך אַ טרייסל געטאָן. ראָזאַ איז געשטאַנען לעבן אים און לאַכנדיק אַ זאָג געטאָן: „מאַמאַ מיאַ, בענדזשי! דו האָסט ניט קיין היים, וואָס ?... האָב מיט מיר חתונה און קלייב זיך אַריבער צו אונדז! עס וועט דיר זיין גוט ווי די וועלט, בענדזשי! מיין מאַמע וועט דיך פּעט מאַכן מיט מאַקאַראָנים, דו וועסט ווערן פויל ווי מיין פּאַ. איך וועל אַרבעטן און דו וועסט זיך פּאַשען".

— אָ, ראָזע, דו האָסט מיך איבערגעשראָקן!... — בענדזשי האָט געשמייכלט: — פון וואַנען, צו אַלדע גוטע יאָר, קומסטו אַהער ?...

— מיין מומע וואוינט דאָך אויף דער אַכטער גאַס. נו, האָב איך געמאַכט אַ שפּאַציר. מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל דיך דאָ געפינען. עס איז שוין אַזוי באַשערט, בענדזשי. דו וועסט מיך שוין מוזן מאַכן פאַר דיין ווייב. קיין שענערע און בעסערע פון מיר וועסטו שוין ניט געפינען, — האָט זי זיך צעלאַכט.

— הער אויף, ראָזע, שפּאַסן פון מיר! עס איז מיר אַזוי אומעטיק אויפן האַרצן. איך ווייס ניט, צום שוואַרץ יאָר, וואָס עס מאַטערט מיך.

ראָזע האָט זיך אַוועקגעזעצט, זיך צוגעטוליעט צו אים. איר פּנים איז געוואָרן ערנסט: „וואָס טאַקע מוטשעט דיך, בענדזשי? דו האָסט אַזוי פיל אומעט אין די אויגן. דו דערמאָנסט מיר אָן מיין קוזין לואידזשי. ער איז אַלע מאָל אומעטיק ווי דו, זוכט און קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. איך זאָג צו אים: לואידזשי, פאַרוואָס בעטסטו ניט ביי גאָט ער זאָל געבן פריידן דיין האַרצן ?... קוקט ער מיך אָן ווי אַ פרעמדער, גיט אַ גלעט מיינע האָר און שווייגנדיקערהייט גייט ער אַוועק. איך ווייס, אַז ער האָט ניט קיין גאָט, האָט ער ניט פאַר וועמען אויסצוריידן דאָס האַרץ.

„דו ביסט אַזוי וואונדערלעך, ראָזע! ביסט נאָך אָבער אַ קינד. גליקלעך וועט זיין דער מאַן, וואָס וועט דיך האָבן פאַר אַ ווייב".

ראָזע האָט זיך צעלאַכט:

„נו, פאַרוואָס ווילסטו ניט זיין גליקלעך, בענדזשי ?... איך וויל זיין דיין ווייב !"

זי האָט זיך שנעל אויפגעהויבן, אַ פיר געטאָן מיט איר האַנט איבער זיינע האָר, עפּעס אַ מורמל געטאָן און איז שנעל אַוועק.

* * *

ווען בענדזשי איז געקומען מאָנטיק צו דער אַרבעט, האָט ער מיט פרייד געוואַרט אויף ראָזען. עפּעס אַ ניי ליכט איז געבוירן געוואָרן אין אים. וואָס מער ער האָט געטראַכט וועגן איר, אַלץ העלער איז דאָס ליכט געוואָרן. „אַזעלכע זאַכן פּאַסירן דאָך. עס וועט זיך אויסאַרבעטן ! זי וועט ווערן אַ יידישע טאָכטער און ער וועט זיין שטאָלץ מיט איר. אַלץ וועט זיין גוט ! זיי וועלען ביידע אַרבעטן, ער וועט שטודירן, זיי וועלן איינאַר־דענען אַ היים און זיינמיט לייטן גלייך".

דעם פרימאָרגן האָט ער געוואַרט אויף איר מיט אומגעדולד : געקוקט אויפן זייגער און געטראַכט, אַז זי וועט באַלד קומען. אָבער דער פרימאָרגן איז אַוועק און ראָזע איז ניטאָ. בענדזשי האָט געפילט אַ גרויקייט אין האַרצן. דער טאָג איז אַוועק. די אַרבעט געענדיקט. די מאַשין שטייט ליידיק. ער גייט אַהיים אַ מוטלאָזער, פאַרפעלט צו גיין אין שולע דעם אָוונט.

אויף מאָרגן איז ער פרי אין דרויסן. דערגרייכט די פאַבריק, ווען עס איז נאָך האַלב טונקל. ער שטייט ביי דער טיר און וואַרט. מענטשן גייען פאַרביי אין די הונדערטער, אָבער פאַר בענדזשין איז דאָס מער ניט ווי אַ לויה פון שאָטנס.

שפּעטער, אין פאַבריק, איז אַלץ ווי געווען. ראָזעס מאַשין איז שוין פאַרנומען פון אַ נייער מיידל מיט צוויי צעפּ, פאַרפלאָכטן אָן טעם. בענדזשי ווייסט שוין, אַז ראָזאַ וועט מער ניט קומען. ווען ער שעמט זיך ניט, וואָלט ער געוויינט. ער ווייס ניט וואָס ער טוט.

מיסטער לעמפּערט קוקט בייז, בורטשעט און שרייט. אבער אים אַרט דאָס ניט. אין מיטן טאָג דערפילט ער, אַ ער קען מער ניט אַרבעטן. ער טוט זיך איבער און גייט צו דער טיר. מיסטער לעמפּערט שרייט אים נאָך : „נעם דיינע פאַר גראָשן און קום מער ניט צוריק ! ער האָט שטיינער אין די אַרבל, די גרינע חיה. ער מיינט, אַז איך קען אָן אים ניט אויסקומען !"

אָבער בענדזשי איז שוין אויף די שטיגן. ער הערט גאָרניט, ער זעט גאָרניט.

בענדזשי וויל ניט גיין אַהיים. די מומע וועט זיך דערשרעקן! און וואָס וועט ער איר זאָגן?... אַז ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ שיקסע? ווי קען ער דאָס אַפילו אַרויסלאָזן פון מויל. ער ווייס אַליין ניט וואָס מען טוט מיט זיך. ער דערגרייכט דעם אַכטע־סטריט פּאַרק, זעצט זיך אַוועק אויף אַ באַנק און קוקט אומעטיק אויף די האַרבסטיגע ביימער. ער ווייס ניט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. ער דאַרף זוכן אַרבעט. ער דאַרף אָנפאַנגען זיין לעבן אויפדאָסניי. ער איז נאָך ניט אַלט קיין אַכצן יאָר, און מיד און אומעטיג איז ער ווי דער סוף פון זיינע טעג וואָלט שוין געקומען...

ראָזע האָט אפשר געשפּאָסט פון אים, און ער איז געווען אַזוי נאַריש צו מיינען, אַז זי האָט אים ליב. אַוועק פון פאַבריק און אים אַ וואָרט ניט געזאָגט. אויסגערונען פון זיין לעבן ווי קיינמאָל ניט געווען. אפשר איז בעסער אַזוי! ער איז אַ ייד, זי אַ קריסטין. טייכן בלוט שיידן אָפּ איינעם פון דער אַנדערער, טויזנטער יאָרן פון ליידן שטייען צווישן זיי! בעסער אַזוי! בעסער אַזוי!

אָבער אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, ווען בענדזשי איז געווען אַליין אין זיין חדר, זיינען זודיקע טרערן געפלאָסן איבער זיינע באַקן. גע־וואוסט האָט ער, אַז וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן אין זיין לעבן, וועט ער ראָזען קיינמאָל ניט פאַרגעסן, קיינמאָל ניט פאַרגעסן...

# פּאָליפּן

באַגעגנט האָב איך אייזיקן אין שיקאַגאָ. איך בין ניט לאַנג געווען אין שטאָט. איך האָב נאָך ניט געזעטיקט דעם הונגער פון אַרומוואַנדערן איבער פרעמדע גאַסן. בין איך געשטאַנען אין דער סטייט־גאַס, זיך צוגעשפּאַרט צו אַ גרויס הויז און געטראַכט וואָס ווייטער צו טאָן.

אייזיק איז געשטאַנען פון דערווייטנס און געשמייכלט. ער איז דער־נאָך צוגעקומען צו מיר און געפרעגט שטיל: — פון קאָלאָראַדאָ? — און ניט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער נאָך געזאָגט: — איך האָב דיך געזען דאָרט לאָדן קוילן. געזען ווי דו האָסט די בעסטיעס אָנגעשפּיגן אין פּיסק. — אייזיק האָט זיך צעלאַכט: — אָבער קלעפּ קענסטו אַריינ־כאַפּן, ברודערל, אַז עס איז אַ פאַרגעניגן.

איך האָב זיך צעלאַכט. איך האָב זיך געשעמט אים אויסצוזאָגן, אַז איך האָב נאָך וואונדן פון יענעם געשלעג. מיר האָבן ביסלעכווייז אָנ־געהויבן שפּאַצירן, ביז מיר האָבן דערגרייכט מאַרקעט־סטריט. דאָרטן זיינען מיר אַריין אין אַ סאַלון, זיך באַקוועם אַוועקגעזעצט און זיך געלאָזט וואוילגיין מיט ביר און געזאַלצענע פּלעצלעך.

אייזיק איז געווען אַ פעסט־געבויטער בחור. ער האָט געהאַט גרויסע, שוואַרצע אויגן אונטער אַ הויכן שטערן. ציינער — ווייסע, פּערלדיקע. ליפּן גרויסע, שמייכלענדיקע, און האָר—האַרטע פרענטלעך, זיינען געשטאַנען אויפן קאָפּ ווי סאָלדאַטן גלייך, ניט רירנדיק זיך פון אָרט. זיין נאָז איז געווען פלאַטשיק, ווי עמיצער וואָלט מיט אַ האַמער זי צוגעקלאַפּט: — אַך, ברודערל, — האָט ער גערעדט, — דו, ווי איך זע, האָסט שוין אויך גענוג קלעפּ אַריינגעכאַפּט!

אייזיק האָט געשמייכלט:

— אין אָרעגאָן, מייק, דאָרטן קאָסטן קלעפּ ביליק. אונדזערע מענטשן קריגן דאָס אינגאַנצן אומזיסט.

מיר האָבן זיךביידע צעלאַכט און דערלאַנגט איינער דעם אַנדערן אַ פּאָר שטורכעס, פון גוט־ברודערשאַפט וועגן.

אייזיק האָט מיך מיטגענומען צו זיך אין צימער, ווייט ערגעץ לעבן די שלאַכט־הייזער. דער גערוך פון קי און חזירים, אויסגעמישט מיט בלוט, האָט מיר געשטיקט אין האַלדז. איך האָב געהאַלטן אין איין שפּייען, און אייזיק האָט אָנגעקוואָלן: — שפּיי אויס די גאַל פון זיך, מייק, וועסטו ווערן אַזאַ גוטער יאַט ווי איך. ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ הילכיקן געלעכטער, מיר געקלאַפּט איבער דער פּלייצע און זיך געפריידט ווי אַ קינד.

אין צימער איז ער געזעסן אויפן צעבראָכענעם שטול און איך — אויף דער בעט. עס איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט. נאָר דאָס געשריי פון די קי האָט געריסן די נאַכט. אייזיק האָט גערעדט שטיל, אַ ביסל אומעטיקלעך וועגן זיין היים, וועגן זיינע קינדער־יאָרן. ער איז געבאָרן געוואָרן אויף דער איסט־סייד אין ניו יאָרק, אין אַ הויז אָן אַלטס, אָן אָפּגעלאָזנס, מיט אַ קאָרידאָר אָן פענצטער, מיט שטויב און שימל — ביז דערשטיקט צו ווערן. סאַמע אויבן אין חדרים, קליין און ענג, האָט ער זיינע טעג מיט חלומות אָנגעפילט.

— עס איז געווען אַן אומעטיק הויז, מייק. דער טאַטע — דערדריקט פון שווערער אַרבעט. די מאַמע — פאַראומערט פון דעם שטענדיקן קאַמף מיט דער נויט. ביי מיין וויגל האָב איך שוין געהערט טענער פון „שפּינוועב, פון קינדער אָן ווינדעלעך, פון בייזע ווינטן וואָס ברוזן און שטערן". די מאַמע, מיט פאַרשטיקטע טרערן אין די אויגן, מיט אַ לויטערדיק קול פלעגט זינגען:

„קינדערלעך האָב איך דאָך זיבן,
נאָר ניטאָ אויף קיין שטיקעלע ברויט..."

עס איז געווען דער אייביקער טרויער, וואָס קלעפּט זיך ווי פּעך צו דיין נשמה. מיר, יידן, זיינען אַ מאָדנע פאָלק. ניטאָ ביי אונדז קיין מאָס. זיינען מיר פריילעך, לאַכן מיר אָן אַ שיעור; זיינען מיר אומעטיק, מאַכן מיר וויינען שטיינער. אַזוי זיך געהאָדעוועט. ברידער, שוועסטער זיינען געבאָרן געוואָרן, געשטאָרבן. אַלץ איז דערשטיקט געוואָרן אין דעם טרויער פון די ענגע ווענט.

אַ סך זאַכן קען איך ניט פאַרגעסן, און איינע פון זיי איז דער טויט פון מיין שוועסטער. זי איז געווען אַלט אַ יאָר אַכט. זי האָט געהאַט אַזעלכע

שוואַרצע אויגן. דאָס פּנים — לאַנג און בלייך. זי איז געווען אַזאַ פאַרחלומט קינד. איך געדענק, אַז זי האָט ליב געהאַט שעהען־לאַנג זיצן פאַרטראַכט און קוקן דורכן פענצטער, אָדער זיצן און מאָלן בלומען, וועלכע זי האָט אין דער אמתן קיינמאָל ניט געזען. ווען זי איז קראַנק געוואָרן, האָט מען זיך ניט געאיילט רופן אַ דאָקטאָר. קיין געלט איז ניט געווען. ס'וועט פאַריבערגיין — האָט מען געטראַכט. און אַז מ'האָט שוין געבראַכט אַ דאָקטאָר, איז שוין געווען צו שפּעט. זי איז געלעגן שטיל, ווי זי וואָלט אַנטשלאָפן געוואָרן פון מידקייט. איך בין אַנטלאָפן פון הויז. נאָר דער טויט איז געווען אין אַלע גאַסן. דער הימל — זוניק, דער איסט־ריווער — בלוי. נאָר פאַר מיינע אויגן האָבן זיך געוויקלט ווייסטיקע קאָשמאַרן.

איך בין אַוועק פון דער היים ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר פופצן. צוערשט איז דער אומעט פון מיין היים מיר פאַרלאָפן מיין וועג. נאָר ביסלעכווייז איז העלער געוואָרן. דו זאַפּסט אין זיך אַריין דעם געזאַנג פון וועג, די פרייד פון צעבליטע פעלדער; די בערג שטאַרקן דיין געמיט. דער ווינט מונטערט דיך. זיין שרייען איבער פעלדער פאַרוויגט דיך ניט אין טרויער, נאָר גיט דיר פליגלען. דו שפּרייזט אַ זיכערער אין וועג און דו ווייסט, אַז דו וועסט ערגעץ דערגרייכן; און דאָרטן ביים סוף וועג, איז העל און פריידיק!

אייזיק פאַרמאַכט די אויגן, ווי ער וואָלט געזען די זוניקייט פון ווייטן. זיינע ליפּן שמייכלען און איך פיל אַ טייל פון זיין פרייד.

אייזיק האָט געאַרבעט אין די סטאָק־יאַרדס. איך האָב קיין אַרבעט ניט געקענט קריגן און איך בין אַוועק קיין ניו־אָרלינס. איך האָב געאַרבעט אויף אַ שלעפּ־שיפל און געפירט אַ היגטיש לעבן. עס איז געווען סוף אויגוסט. די ברעגן זיינען געווען פאַרפלייצט מיט באַוול פון די פעלדער אַרום דעם מיסיסיפּי. די אַרבעט איז געווען שווער און אומדערטרעגלעך. די אַרבעטער זיינען געווען אומרואיק און מ'האָט געקענט דערוואַרטן אַ שטורעם יעדן טאָג.

איין טאָג, ווען איך בין געווען פריי פון דער אַרבעט, גיי איך זיך אַרויס שלינג און שלאַנג איבער אידיבאָן פּאַרק. ערשט, ווער קומט מיר אַנטקעגן? אייזיק! דאָס איז פאַר מיר געווען אַזוי אומדערוואַרט, ווי ער וואָלט פון הימל אַרונטערגעפאַלן.

— העלאָ, מייק! — שמייכלט ער.

— העלאָ, מיט דיין טאַטן, — ענטפער איך.

— פון וואַנען קומסטו אַן ?

— פון וויניפּעג. זיך געשלעפּט מיטן דזשעפערסאָן שאָסעי ביז אַהער.

מיר גייען דורך טשאַרלס עספּלאַנאַדע עוועניו צו דער אָרעמער טייל פון שטאָט. מיר שלייכן זיך דורך שמאָלע, ענגע געסלעך און פינצטערע אַלייען. מיר קומען ניט ווייט פון פּאָרט. איך נעם אים פאַרן אָרעם און מיר גייען אַריין דורך אַ הינטערשטער טיר צום פעטער פּינקוס. עס באַגריסט אונדז די מיסעס פּינקוס — אַ פיינע יידישלעכע פרוי מיט שיינע בלויע אויגן. איך שטעל פאָר אייזיקן און דערצייל אים, אַז מיסעס פּינקוס איז די בעסטע קעכין אין דער וועלט, אַז אירע צוויי טעכטער לייכטן ווי זיבן זונען. די אַלטע שמייכלט פאַר פאַרגעניגן. זי גרייט פאַר אונדז אַ טיש מיט אַלדאָסגוטס. אַ ביסל שנאַפּס איז אויך דאָ. עס קומט אַריין אויך פּינקוס. ער איז פאַרשמירט, געאַרבעט אוודאי אין זיין דזשאָנק־יאַרד. ער שמייכלט גוטמוטיק. „מאַכט אַ שנעפּסל !" — זאָגט ער צו אונדז אַ פּאָר גוטע ווערטער און גייט צוריק צו זיין אַרבעט. פון גאַס קומען אַריין די טעכטער. הילדע, די ייִנגערע, טאַנצט אַרום מיר, פרייט זיך מיט מיין קומען. עטל, די עלטערע, פאַרהאַלט זיך רואיקער. צו אייזיקן שמייכלט זי צופרידן. זי בויגט זיך אַלע מאָל אָן, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט, וויגט זיך גראַציעז און שמייכלט מיט די בלויע אויגן.

מיר זיינען געזעסן אַ פּאָר שעה, זיך געזעגנט און צוגעזאָגט צו קומען זונטיק. הילדע האָט מיר שטילערהייט געזאָגט: „פאַרגעס ניט ברענגען דיין פריינט, וועלן מיר קאָנען זיין אַ ביסל אַליין". איך דריק איר קליין הענטל און מיר גייען אַוועק.

מיר דערנענטערן זיך צום וואַסער. די ברעגן ביים טייך זיינען איצט העכער. עס הויבן און ציען זיך רויט־געפאַרבטע סחורה־הייזער. פון דערווייטנס דערזעען מיר דעם טייך, וואָס צעשניידט די שטאָט מיט דעם שאַרף פון שטאָל. עס איז שוין פאַרנאַכט. די ברעגן ציגדן זיך מיט ליכט, ווינקען איינער צום אַנדערן. טונקען זיך די עלעקטרישע ליכטער אינעם טייך און שיינען אַרויס מיט רויטן גלאַנץ.

עס איז טומלדיק איז פּאָרט. אַ סך אַרבעטער האָבן פאַרענדיקט די אַרבעט און גייען אַהיים. אַנדערע קומען ערשט צו דער אַרבעט. אייזיק שווייגט, קוקט אַלעמען אָן מיט זיינע ליכטיקע אויגן, הערט זיך איין צו דעם

גערויש פון די שיפן און צום געשריי פון די אַרבעטער ביים ברעג. שווערע וועגענער געלאָדענע מיט שפייז, געפירט פון פראַצעדיקע פערד, שלעפן זיך איבער די גאַסן. דאָס קלאַפּן פון די פערדס פיס, קלאַפּט אויס דאָס ליד פון אַרבעט. שלעפּ־שיפלעך רייסן דעם פאַרנאַכט מיט זייערע רעווערייען. אין די טרינק־הייזער ווערט לעבעדיקער. עס דערגרייכט שוין דער טומל אין גאַס. מיר גייען שווייגנדיקע. מיר דערגרייכן אַ פאַרלאָזן ווערהויז, זעצן זיך אַוועק אויף אַ צעבראָכענעם קאַסטן און אייזיק זאָגט:

— הער זיך איין, מייק, איך בין שוין ניט געווען אַ פּאָר יאָר אין דעם פּאָרט. דערצייל מיר, וואָס דאָ טוט זיך.

— איך ווייס פאַרוואָס דו ביסט געקומען אַהער, אייזיק. אַנדערע זיינען שוין געקומען פאַר דיר. זיי האָבן אויפגעפלאַקערט ווי אַ קעראָסין־לאָמפּ, איידער עס ווערט פאַרלאָשן. דערנאָך — פרעג די שמוציקע וואַסערן פון דעם טייך; פרעג די שטיינער, וועלכע האָבן זיך באַלעקט מיט זייער בלוט. גיי צו די גרויע ווענט פון געפענקעניש. דאָרטן וועסטו אויף די ווענט געפינען סימנים, אַז זיי זיינען דאָ אַמאָל געווען. דער לעצטער איז געווען מעקראַאַט. געקומען אַהער פון פריסקאָ. דאָ אויפגעפלאַצט, ווי אַ גראַנאַט. וואו איז ער איצט? איך ווייס ניט. דאָ האָבן זיי די גאַסן פאַרוואַנדלט אין רינשטאָקן פאַר גאַסן־פרויען. זיי האָבן אָנגעצונדן רויטע ליכט דאָ ביי די טירן. זיי פאַרזייען האַס צווישן נעגערס און ווייסע, צווישן איטאַליענער און רוסן — אַלץ דינט דאָ זייער צוועק! און ווען הונדערטער פאַבריקן צעשרייען זיך פאַרנאַכט נאָך דער אַרבעט, הער איך דעמאָלט דעם פרייד־געשריי פון די הערשער פון לעבן — עס איז ווי זיי וואָלטן פּראָקלאַמירט איבער דער שטאָט זייער זיג איבער אונדז.

אייזיק איז געזעסן אַ פּאָר מינוט אַ שווייגנדיקער. דערנאָך האָט ער אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל און געפרעגט: „ווי אַלט ביסטו, מייק?" — „ניינצן יאָר". — איך, מייק, בין שוין פיר און דרייסיק. איך האָב אַ סך געלערנט אין די יאָרן, אַ סך פאַרגעסן. — ער האָט אַ ביסל זיך פאַרטראַכט. — דו האָסט געהערט, מייק, פון אַזאַ מין קליין באַשעפע־נישל וואָס מ'קען מיטן נאַקעטן אויג ניט זען, זיין נאָמען איז פּאָליפּ, האָסטו אַמאָל געהערט פון די קאָראַלן־אינדזלען?

— ניט געהערט, אייזיק.

— די אינדזלען געפינען זיך אין פּאַסיפישן ים. זיי זיינען טראָפּיש. דו

זעסט פּאָר זיך שטילע, בלויע וואַסערן, אין וועלכע דער הימל טובלט זיך אָפּ. דו קריגסט דעם באַגריף פון אומענדלעכן אָקעאַן. עס וועט זיך קיינמאָל ניט ענדיקן, טראַכסטו. נאָר פּלוצים זעסטו אַן אינדזל אַרויסגעוואַקסן פון ים, און מיילן ווייטער נאָך איינער. אַזוי זיינען זיי צעשפּרייט איבער דעם פּאַסיפישן אָקעאַן. איינמאָל, ווען איך האָב געאַרבעט אויף דער פּראַכט־שיף „עליזאַבעט" און מיר האָבן דורכגעשניטן יענע וואַסערן, אויפן וועג קיין סינגאַפּור, האָט מיר איינער פון די מאַטראָסן דערציילט די געשיכטע פון די אינדזלען.

די פּאָליפּן זיינען די בויער פון די אינדזלען. זיי ווערן געבאָרן אויפן גרונט פון ים, מערן זיך אין די ביליאָנען. זייער גאַנץ לעבן האָט איין ציל. צו קענען שטאַרבן אונטן און שפּעטער זאָלן אַנדערע קומען און שטאַרבן אויף זייערע קערפּערס. דער ים מיט זיינע מינעראַלן פאַרשטיינערט זיי, מויערט זיי צוזאַמען, ווי אַ שטיק גראַניט. אַזוי דורך טויזנטער יאָרן. הונדערטער מיליאָנען פון זייער מין שטעלט מיט זיך פּאָר יעדע ברעקל וואוקס. עס ווערט העכער און העכער. און אַז עס דערגרייכט דעם אויבער־פלאַך פון ים און די זון לייכט אויף זייער גרויסן קבר, איז זייער אַרבעט פאַרענדיקט, איז זייער ציל דערגרייכט.

און דעמאָלט, ביי אונדזער ברעג האָב איך, אייזיק, אויסגעחלומט מיין חלום: מיר דאַרפן זיך לערנען פון די פּאָליפּן צו שטאַרבן, כדי צו דערגרייכן די זון. מיר ליגן אויפן גרונט פון ים, עס איז פינצטער. מיר מוזן צעמענטירן דעם וועג מיט אונדזערע קערפּערס, כדי צו דערגרייכן ליכט! מיר וועלן בויען דאָס נייע לעבן, ווי די פּאָליפּן — די קאָראַלן־אינדזלען; און ווען מיר וועלן דערגרייכן דעם צוועק, וועט די אַרבעט זיין פאַריבער. מיר וועלן רוען אינעם שיין פון זון־ליכט.

מיר זיינען אַריין אין בערטיניס סאַלון. מיר זיינען פאַרשלונגען גע־וואָרן פון רויך און טומל. אַלערליי לשונות האָבן זיך דאָ צונויפגעפלאָכטן. אַלע ראַסן האָבן זיך דאָ אויסגעמישט. מיידלעך פון אַלע פעלקער זיינען דאָ געווען פאַרטראָטן. אַ נעגער, דער שוואַרצסטער וואָס איך האָב אַמאָל געזען, מיט אָרעמס פון אַ ריז, מיט אַ גרויסן שניט איבער דער לינקער באַק, האָט געשפּילט אויף אַ גיטאַרע אין דערביי אונטערגעברומט אַ לידל. ווען ער האָט דערזען אייזיקן, האָט ער אַוועקגעלייגט די גיטאַרע, אַ פּאַטש געטאָן מיט די גרויסע הענט און האָט אויסגעשריען מיט פרייד: „אַ דזשעז!

דאָס ביסטו, אייזיק?" ער האָט אים אַרומגעכאַפּט און זיך געדרייט מיט אים ווי אַ ווילד קינד. אַז ער איז אַביסל באַרואיקט געוואָרן, האָט אייזיק אים פאַר מיר פאָרגעשטעלט: „דאָס איז סינגאַפּור סעם, און דאָס, טעם, איז דזשו מייק". סעם האָט זיך געפרייט ווי אַ קינד: „אַ דזשעז, אייזיק, עס איז גוט אַזוי צו זען דיין היבטישע פּעל". איך האָב זיי איבערגעלאָזט, איך האָב געמוזט גיין אַרבעטן. מיר האָבן אָפּגעמאַכט זיך צו טרעפן אין אַ פּאָר טעג אַרום.

איך בין די עטלעכע טעג געווען שטאַרק פאַרנומען. מיר האָבן געאַרבעט אַכצן שעה אָן אָפּרו. און ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט, בין איך געווען מיד צו גיין זוכן אייזיקן. איך בין געלעגן ווי אַ טויט שטיק פלייש און אַפילו ניט געקענט חלומען.

איך בין אַוועק פון הויז פאַרנאַכט. געקומען צו בערטיניס סאַלון. עס האָט גערעגנט. אַ שווערער טומאַן האָט צוגעדעקט דעם פּאָרט. דער געשריי פון די שיפן האָט געשניטן די לופט. מען האָט געקענט הערן דעם געטופּ פון די פערד אויף דער בריק, דעם גער'יש פון די רעדער, נאָר געזען האָט מען גאָרניט. אַלץ איז געווען פאַרגאָסן מיט פינצטערניש. אין סאַלון האָט מיר די ליכט אַ בלענד געטאָן די אויגן. אַרום די טישן איז געווען לידיק, די מיידלעך האָבן זיך געלאַנגווייליקט. איך בין צוגעגאַנגען צו בערטינין מיט דער פראַגע: „וואו זיינען דאָס אַלע יאַטן?"

בערטיני האָט מיך אַנגעקוקט מיט זיינע אומרואיקע אויגן און דערקלערט, אַז די פּאָרט־אַרבעטער פאַרזאַמלען זיך ערגעץ, און אַז עס וועט קיין גוטס שוין ניט זיין.

— דער ייד מאַכט זיי משוגע, — זאָג איך דיר, — מ'דאַרף אים פאַרטרייבן פון דאַנען.

איך האָב ניט געוואַרט אויף קיין ענטפער. איך בין געקראָכן דורך די פינצטערע גאַסן, איינגעאָטעמט די נאַסע לופט. איך בין געווען אומרואיק: „אייזיק טוט זאַכן צו שנעל", האָב איך געטראַכט.

ווען איך בין אָנגעקומען אין הויף פון דעם פּוסטן פראַכט־הויז, איז די פאַרזאַמלונג שוין געווען פאַראיבער. נאָר גרופּעס זיינען געשטאַנען אין יעדן ווינקל, גערעדט און זיך געהיצט. איך האָב געפונען אייזיקן צוזאַמען מיט סינגאַפּור סעמען. אייזיק האָט זיך דערפרייט, ווען ער האָט מיך דערזען.

ער איז געווען פֿיבערדיק. די אויגן — העלע, ליכטיקע. סעמס צײַן האָבן געשימערירט קעגן פֿײַער.

מיר זײַנען געגאַנגען צו מיר אין צימער. איך האָב געבראַכט וואורשט, ברויט און ביר. מיר זײַנען געזעסן אַרום אַ קליין טישל. סעם און אײַזיק האָבן גערעדט און איך האָב געשוויגן. אײַזיק איז געווען זיכער, אַז אַ סטרײַק וועט זײַן דערפֿאָלגרײַך. סעם האָט געטענהט, אַז מ׳דאַרף נאָך צואוואַרטן. נאָך ענדלעך האָט אים אײַזיק איבערצײַגט. אײַזיק האָט אויך געזאָגט, אַז מ׳דאַרף זען געווינען מעקראַטן, פֿון דער „יונײַטעד פֿרוט קאָמפּאַני״־דאָקס. סעם האָט ניט געוואָלט. „איך געטרוי אים ניט״, האָט ער געטענהט. „ער איז אַ לויז, אײַזיק! מ׳מעג גיכער געטרויען אַ שלאַנג איידער אים״. אָבער אײַזיק איז געווען אײַנגעשפּאַרט. ער האָט דערציילט, אַז ער האָט מיט מעקראַטן געאַרבעט אין פֿריסקאָ און מ׳קען זיך אויף אים פֿאַרלאָזן. אַזוי איז עס געבליבן, כאָטש סעם איז געווען אומצופֿרידן.

אַז זיי זײַנען אַוועק, איז שוין געווען שפּעט. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט ניט געקאָנט שלאָפֿן. אינדערפֿרי בין איך אַוועק צו דער אַרבעט. אין דרויסן איז שוין געווען אויסגעלייטערט. אַ מילדער ווינט האָט זיך געטראָגן פֿון וואַסער. ביים האַפֿן האָב איך געהערט גרופּעס אַרבעטער ריידן וועגן סטרײַק. ווען איך בין געקומען צו מײַן שלעפּ־שיף האָט מיר דער אויפֿזעער ניט גע־ענטפֿערט אויף מײַן באַגריסונג. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז ס׳איז דאָ עפּעס ניט פֿריילעך. פֿאַרנאַכט האָט ער מיר דערלאַנגט די פּאָר גראָשן און מיר געזאָגט, אַז ער וויל מער מײַן פּנים ניט אָנקוקן. „אַלע יידן זײַנען הינט!״, האָט ער אויסגעשפּיגן, „גיי זאָג דײַן חבר אײַזיקן, אַז אַ הונט איז זײַן טאַטע״. איך האָב געזען רויט פֿאַר די אויגן. מײַנע הענט האָבן פֿיבער־דיק זיך אַ ריס געטאָן און מײַנע פֿויסטן האָבן געטראָפֿן אין זײַן פֿליישיקן פּנים. איך האָב אַ שפּיי געטאָן, בין אַרונטער פֿון שיפֿל און אַוועק זוכן אײַזיקן.

איך האָב אײַזיקן אין ערגעץ ניט געפֿונען. סינגאַפּור סעם איז נאָך געווען ביי דער אַרבעט און איך בין געווען אָנגעלאָדן מיט בייזקייט ווי אַ האָלף. איך בין אַוועק אין שטאָט, זיך געדרייט אין די ענגע גאַסן. כמורנע זײַנען געשטאַנען די אַלטע הײַזער. פֿון אַלע זײַטן האָבן זיך קלויסטערס צעקלונגען, און פֿון אומעטום האָט געווייעט מיט פֿינצטערניש. איך בין אַוועק אין ייִדישן קוואַרטאַל. די הײַזער קליינע, אָפּגעלאָזענע, טוליען זיך,

ווי שאָף איינע צו די אַנדערע. איך בין אַריין צו פּינקוסן אין הויז. צו מיין מזל איז הילדע דאָ געווען אַליין. איך האָב זיך דערפרייט ווי אַ קינד. איך האַלט איר קליין הענטל אין מיינער. זי רייסט זיך, זי מוז צוגרייטן עפּעס עסן פאַר מיר. איך דערקלער איר, אַז איך בין ניט הונגעריק. איך וויל זיך בעסער אַ ביסל אַרומדרייען אין פּאַרק. מיר גייען דורך די פּאַרלאַזטע אַלייען פון סיטי פּאַרק. עס ווערט קיל. הילדע דריקט זיך צו מיר, שמייכלט מיט אירע קליינע אויגן. כ'פּאַרגעס אינגאַנצן אָן מיין פריערדיקער אומרו. נאָר פּלוצים טוט הילדע אַ פרעג וועגן אייזיקן און איך ווער זייער אומ־געדולדיק. איך פיל, אַז איך מוז אים באַלד זען! איך פיר הילדען אָפּ אַהיים, זעגן זיך שנעל און לאָז זיך לויפן צום פּאָרט.

אייזיק איז ניטאָ. איך טרעף סעמען אין סאַלון. ער איז אומרואיק. אפשר האָב איך געזען אייזיקן? איך שאָקל מיטן קאָפּ אויף ניין. „קום אין דרויסן", זאָגט ער. „הער זיך איין, מייק. עפּעס האָט פּאַסירט מיט אייזיקן! איך געטרוי ניט מעקראַטן! אייזיק האָט מיר ניט געפאָלגט און האָט גע־דריקט די שלאַנג צו זיין האַרצן!"

— אָבער, וואָס האָט געקענט פּאַסירן? — פרעג איך.

— איך ווייס ניט, מייק. אויב אָבער עפּעס האָט געטראָפן מיט אייזיקן, וועט מעקראַט טייער באַצאָלן!

עס איז געווען זונטיק פרי, ווען דער טייך האָט אַרויסגעוואָרפן אייזיקס קערפּער. זיין פּנים איז געווען צעהרגעט. ער האָט געהאַט עטלעכע וואונדן אין קאָפּ. סינגאַפּור סעם האָט אים געטראָגן אין זיינע לאַנגע אָרעמס, ווי אַ קליין קינד. זיינע אויגן האָבן זייער העלקייט פאַרלאָרן. די אַרבעטער זיינען געשטאַנען אין גרופּעס, פינצטערע, שווייגנדיקע. דערנאָך זיינען זיי מיט זייערע שווערע טריט אונדז נאָכגעגאַנגען. עס איז געווען אַ שטילע פּראָצעסיע פון שווערע פיס און געבייגטע רוקנס. טויזנטער זיינען נאָכ־געגאַנגען. ביי די „פּירס"" פון דער „יוניטעד פרוט קאָמפּאַני" זיינען געשטאַנען וועכטער מיט געלאָדענע ביקסן. ווי אַ ווינט האָט די מאַסע אַ ברום געטאָן. סעם האָט אויפגעהויבן אייזיקס קערפּער אין דער הויך. ער איז געגאַנגען אין פאָרויס צו די טויערן, וואו די וועכטער זיינען געשטאַנען. די וועכטער האָבן אָנגעשטעלט די ביקסן, נאָר סעם האָט געשפּאַנט פאָרויס, ווי אַ ליכטיקער זייל אין דער פינצטערניש.

ס'האָט זיך דערהערט אַ קנאַל פון ביקסן. די מאַסע האָט אַ ברום

געטאָן, האָט זיך אַ טראַג געטאָן, ווי אַ שטורעם איבער אַ ליידיקן פעלד. אַלע גרענעצן זיינען אָפּגעמעקט געוואָרן אין דער רגע. ווי זאַנגען צע־שפּרייט אין פעלד האָבן די אַרבעטער זיך צעשפּרייט אַרום די ריזיקע געביידעס. ווי פון אַ ריזיקער כוואַליע זיינען די וועכטער אָפּגעשווייַנקט געוואָרן. די קירכן האָבן אָנגעהויבן קלינגען, נאָר די גלעקער זיינען פאַרטויבט געוואָרן פון דעם געשריי פון די מאַסן. פון אַ געביידע האָט אַ געדיכטער רויך זיך אַרויסגעוויקלט. דערנאָך האָבן פלאַמיקע צונגען זיך דורך פענצטער דורכגעריסן. אַ פייער־טאַנץ האָט געוואָלט פאַרבלענדן די זון! איך בין אַרומגעלאָפן מיט בלוט־פאַרגאָסענע אויגן און געריסן אַלץ וואָס איז נאָר געקומען אין מיין וועג. איך בין געווען ווילד און אַליין ניט געוואוסט, וואָס איך טו און וואו איך געפין זיך. אַ שווערע האַנט האָט מיך אָנגעכאַפּט. איך האָב געשריען און זיך געווערט. נאָר באַלד בין איך אַוועקגעפאַלן הילפלאָז צו דער ערד.

אַז איך האָב געעפנט די אויגן, האָב איך דערהערט אַ געזאַנג. סינגאַפּור סעם איז געשטאַנען לעבן מיר און געשפּילט אויף דער גיטאַרע. ער האָט אַ שמייכל געטאָן צו מיר מיט זיינע ווייסע ציין און די אויגן האָבן געלאַכט מיט דער פרייד פון אַ גרויס קינד.

ער האָט אָנגענומען מיין האַנט.

— איך מוז אַוועק פון דאַנען, מייק, אויף אַ שטיקל צייט, אויב דו ווילסט, קום מיט.

— וואָס האָט פּאַסירט, סעם?

— גאָרניט, מייק. אַ גרויס פייער האָט זיך צעפלאַקערט ביים פּאָרט. איצט איז דאָס פייער אויסגעלאָשן, נאָר אין דעם אַש גליען פונקען און פון די פונקען וועלן צוריק ווערן פלאַמען. און אַט דעם פייער וועט מען ניט קענען פאַרלעשן.

ער האָט שטאַרק געדריקט מיין האַנט.

— מעקראַטן האָט מען געפונען אַ טויטן ביים פייער. אימיצער האָט אים איבערגעבראָכן דעם נאַקן.

— ווען גייען מיר? — האָב איך געפרעגט שטיל.

— פאַרטאָג, איידער די זון וועט אויפשיינען. מיר גייען קיין פריסקאָ.

פאַרטאָג האָבן מיר, דורך געדרייטע הינטער־וועגן, פאַרלאָזן ניו־אָרלינס.

# ע ל נ ט

אַזאַ טומל אין שאָפּ איז שוין לאַנג ניט געווען. קיין סך אַרבעט האָט מען שוין דעם טאָג ניט געמאַכט. דער פאַרמאַן, אַ קורצער מיט אַ קײַלעכ־דיק בײַכל, איז געווען בײַז: „מען דאַרף שיקן „אָרדערס"", האָט ער גע־בורטשעט.

פאַרוואָס אַזאַ טומל? זאָל איך אַזוי וויסן פון אַ בײַזער וועטשערע! רעזניק איז אַן אַלטער בחור. באַלד אין די פופציקער, אַ הויכער, אַ דאַרער מיט אַ שפּיציקער נאָז און דינע ליפּן; די האָר פאַרקעמט אויף אַדויף ווי צוגעקלעפּט צום קאָפּ. האָט מען געהערט, אַז ער וועט חתונה האָבן.

עטל די פינישערין פלעגט מיט איר קוויטשיק שטימעלע אויסזינגען: „הויך און דאַר, און שמעקט מיט נאַר". אמת, מען האָט געזאָגט אין שאָפּ אַז זי ווערט צעפּוקעט פאַר קנאה. אַליין אַ מיידל אין די יאָרן, מיט אַ היפּשער בראָדעווקע אויף דער נאָז, גרויס ווי אַ פּיפּערנאָטער, — זאָגט מען, אַז זי אַליין האָט געהאָפט צו כאַפּן די מציאה, אָבער עס האָט זיך אַנדערש אויסגעלאָזט.

אַלע אין שאָפּ האָבן פײַנט געהאַט רעזניקן. זיי האָבן אים פײַנט געהאַט פאַר אַ סך זאַכן: ערשטנס, איז ער דער שנעלסטער אָפּערייטאָר אין שאָפּ. יאָ פּרײַזן, ניט פּרײַזן — מען האַקט האַלץ פאַלן שפּענער, מען מאַכט פאַרטיק און אַ סך — פלעגט ער זאָגן. — מען גיט זיך אַ שאָקל און מען רעדט ווינציקער...

צווייטנס, איז ער אָנגעשטאָפּט מיט געלט. ניט קיין קינד, ניט קיין רינד. עסן עסט ער בלויז אַ ציבעלע־פּלעצל מיט קאַווע פאַר דינער. דערצו איז ער אַ נאַר. ווען ער האָט אַ ביסעלע מער שכל, פלעגן די אַרבעטער זאָגן, וואָלט ער געווען אַ פערד: אָדער ער שווײַגט און זאָגט ניט קיין וואָרט, אָדער ער רעדט און זאָגט וואָס מען דאַרף ניט.

דריטנס — „וואָט די העל!" מען מוז דאָך עמעצן פײַנט האָבן!

אָבער אַ נאַר, אַ נאַר, און שאָקלט זיך. גייט רעזניק־פערד און פאַנגט זיך אָן מיט דער שנעלסטער און שענסטער מיידל פון שאָפּ. אמת טאַקע, אַז די מיידל איז אַ ווייבל, זיך געגט מיט איר מאַן; צווייטנס, איז זי ניט קיין יידישע (איטשקע דער פרעסער זאָגט: רעזניק וועט האָבן אַ ווייב און אַ שיקסע — צוויי אינאיינעם, געהרגעט זאָל ער ווערן!) אָבער ווער, איך בעט אייך, האָט זיך געריכט, אַז די גריכישע שיקסע וועט זיך פאַרליבן אין אַזאַ פערד?

אָבער עס איז געשען. דאָס גריכישע ווייבל האָט זיך פאַרליבט אין רעזניקן און גאָט ווייס פאַרוואָס? העלען איז געווען הויך און שיין, מיט אַ פיגור ווי אַ סאָסנע. אַ לייטיש מיידל און קלוג ווי אַ ציגיינערקע. אַלט געווען איז זי אינגאַנצן צוויי־דריי און צוואַנציק יאָר. און רעזניק האָט געקענט זיין איר טאַטע. אָבער, אַז גאָט וויל שיסט אַ בעזים. ווער קען פאַרשטיין זיינע וועגן?...

אין אָנהויב האָבן די אַרבעטער געטריבן שפּאַס. העגעך דער אפּע־רייטאָר מיט זיין פּיפּיקן געלעכטער פלעגט זיך איבערוויינקען און אַ זאָג טאָן: „זע נאַר ווי דער יאָלד קוועלט אָן! ער מיינט דאָך ערנסט, אַז די שיקסע איז פאַרליבט אין אים. אַ בראָך צו זיינע יאָרן. ער קען דאָך זיין איר זיידע".

אויף דעם, פלעגט אַלטער דער אפּערייטאָר צובורטשען: „דאַרף מען האָבן שכל?... איך דאַרף זיך מוטשען מיט אַן אַלטער כאָלערע, און ער וועט האָבן אַ שיקסע אין בעט".

„זאָל שוין זיין געבוג", פלעגט פיליפּ דער אפּערייטאָר זאָגן. „וואָס איז עס אייערע געשעפטן! יעדער מענטש דאַרף אין זינען האָבן זיין אייגן לעבן".

„גיי אין שול פריידיקן!" האָט דזשייקל אַ ברום געטאָן. „וואָס איז דער מער, דו וואָלסט ניט געוואָלט האָבן דיינע שיך אונטער איר בעט?... האַ — מען קען אייך, מיסטער פיליפּס!..."

אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען פאַר לאַנגע וואָכן. רעזניק האָט זיך געפילט אומבאַקוועם. ער האָט גערעדט גאָט, וואָס העלען פאַרשטייט ניט וואָס זיי ריידן. ער האָט געהערט און געשוויגן. פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין דער מאַשין און ניט געקוקט אויף קיינעם. ער האָט נאָר געטראַכט פאַרוואָס קומט דאָס אים אַזוי באַליידיקט צו ווערן, וואָס האָט ער אַזוינס געטאָן?... ביי

וועמען האָט ער עפּעס צוגענומען ?... זיין גאַנץ לעבן אַרבעט ער מיט שוויס פון זיין שטערן, קיינעם ניט באַרויבט, קיינעם ניט ווי געטאָן, אַזוי פיל יאָרן מיט זיי אין שאַפּ ! אַזוי פיל וויטיקן געהאַט און געבליבן אַ פרעמדער.

* * *

רעזניק האָט אַ פול האַרץ און קען ניט ריידן. עפּעס פאַרשטיקט אים אין האַלדז, און דאָס האַרץ הויבט אָן שלאָגן אַזוי שטאַרק, אַז ער דער־שרעקט זיך. וואָס האָבן זיי צו אים ?... וואָס ווילן זיי פון זיין לעבן ?... וואָס וויסן זיי פון אים ? ווער איז ער, וואָס איז ער, צו קלוג אָדער צו נאַריש, ווי קענען זיי דאָס וויסן, אַז אַן אייזערנע וואַנט שטייט צווישן אים און די מענטשן פון שאַפּ, איז זיין בלוט קיין בלוט ניט ? איז זיין פלייש ניט געמאַכט פון דעם זעלבן שטאָף ? איז זיין צער און פּיין אַנדערש ?...

די וועלט האָט ער דערזען אין אַן אָרעם געקאַלכט שטיבל. די כאָסנע בוימער אַרום הויז האָבן זיך געוויגט פון די גרויסע ווינטערדיקע ווינטן, וואָס האָבן געבלאָזן יענע טעג. די מאַמע האָט אים געוואַרעמט מיט איר ברוסט, און דער טאַטע האָט געקליבן האָלץ פאַר דער הרובע. ס'האָט אפשר געשנייט די נאַכט — דער ווינט האָט געמוזט פייפן אין קוימען און געוואָיעט ווי די וועלף אין וואַלד.

רעזניק האָט זיך כמעט פאַרגעסן, אַז ער איז אין שאַפּ. ניט געהערט דעם רויש פון די מאַשינען. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ חלום. האָט אויפגעהויבן די אויגן פון זיין מאַשין און זיין בליק האָט געוואַנדערט איבערן שאַפּ. מאָרגן וועט ער דאָ ניט זיין. אַ גאַנצן חודש וועט ער מיט העלען אַוועקשטיין פון די מאַשינען ; זיי וועלן אַרומוואַנדערן אויף גאָטס גרויסער וועלט, ער וועט מער ניט זיין אַליין מיט זיין אומעט און מיט זיין פרייד, ער וועט האָבן מיט וועמען זיך צו טיילן. אַ גרויס ליכט שיינט אויף אין זיין האַרץ — אַ ליכט, וואָס ער האָט שוין לאַנג ניט געפילט. רעזניק פילט אויך אַ שרעק פאַרן מאָרגן... זאָל גאָט געבן, אַז ער זאָל קענען העלענען מאַכן גליקלעך ! זי איז נאָך אַזוי יונג, אַזוי יונג.

* * *

אין רעזניקס געדאַנקען טויכן ווידער אויף בילדער פון זיינע קינ־דער־יאָרן. נאָך אַ מאָל ווערט דער שאַפּ פאַרשוואונדן, כאָטש די הענט באַוועגן זיך אויטאָמאַטיש אָן זיין ווילן. אַזוי איז געווען, אַזוי איז געווען.

ער געדענקט די מאַמע, אַ הויכע און דאַרע יידענע, מיט אַ ברייטן

שמייכל. דעם קאָליר פון אירע האָר האָט ער קיינמאָל ניט געוואוסט, זי האָט אַלעמאָל געטראָגן אַ שייטל אויפן קאָפּ. נאָר אירע אויגן זיינען געווען בלויע, קינדערשע און ליכטיקע. אין איר געזיכט איז געווען איינ־געקריצט טיפער צער, ווייל פון אַלע קינדער איז יאַנקל אַליין געבליבן. די אַנדערע פיר האָבן זיך אומגעקערט צו גאָט. דעם טאַטן האָט זי ליב געהאַט און אים פאַרגעטערט. ער געדענקט ווי איר געזיכט פלעגט אויפ־לויכטן ווען זי פלעגט קוקן אויף אים דורך אַ ווינקל פון אויג.

דער טאַטע איז געווען אַ גרויסער שווייגער. אַ הויכער ייד מיט אַ לויטער בלייך געזיכט, מיט טיפע טונקעלע אויגן. רעזניק האָט אַלע מאָל געהאַט דאָס געפיל, אַז דער טאַטע איז אַ גאַסט אויף דער וועלט, אַז באַלד וועט ער פאַרשווינדן אין די ווייטקייטן, וואו זיינע אויגן האָבן אַלע מאָל געקוקט. ער איז געווען אַן אומרואיקער מענטש. קיינמאָל ניט געקענט זיצן אויף איין פּלאַץ, אַלע מאָל געגאַנגען אַהין און אַהער, ווי ער וואָלט לויפן פון זיך אַליין.

רעזניק וואַכט ווידעראַמאָל אויף צו דערווירקלעכקייט פון שאַפּ. עס רוישן די מאַשינען מיט אַן אַנדער געזאַנג היינטיקן טאָג. אים דוכט זיך ,אַז בלויז ער אַליין קען פאַרשטיין זייערע קלאַנגען. אַמאָל זיינען זיי בייז, אמאָל פריידיק. זיי אָטעמען איין די שטימונג פון שאַפּ און זינגען דאָס אויס. ער הערט די שנייד־מאַשין זשומען, די פּרעס־אייזנס קלאַפּן ווי פויקן, זיי אַלע צוזאַמען, ווי פאַרשיידענע אינסטרומענטן שאַפן איין גרויסע סימפאָניע. די זון שטראָמט אַריין דורך די קויטיקע פענצטער און וועבט אוזאָרן אויף די ווענט.

יאָ אַזוי איז געווען. מיט יאַנקל רעזניקס געבורט האָט זיך די וועלט ניט איבערגעקערט. עס איז געווען טאָג און נאַכט ווי אַלע מאָל. די בוימער האָבן געבליט און פאַרבליט. עס איז געווען הימל און ערד, און די בערג פון דערוויטן האָבן געגל'יערט איבער זייער הייזל ווי אַלע מאָל. נאָר פאַר זיין מאַמען איז ער געווען אַ פרייד. „זאָל נאָר דער אויבערשטער אים ניט אַוועקנעמען פון מיר ווי די אַנדערע. כאָטש איינער זאָל בלייבן, גאָטעניו!" אַ סך מאָל האָט זי באַנעצט זיין פּנימל מיט טרערן. ער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס זי וויינט. ניט געוואוסט, אַז פיר קינדער פאַר אים האָבן זיך אומגעקערט צו זייער באַשאַפער. און דער טאַטע, אַ שטומער, פלעגט זיך שטילערהייט אַרויסרייסן פון הויז.

אַ שאַפּ, גרויע ווענט. מענער, פרויען וויגן זיך ווי שאָטנס ביי די מאַשינען. רעזניק פּרובירט זיך דערמאָנען וואו ער איז אין דער וועלט, אָבער ער קען ניט. געזיכטער — קערפּערס וויגן זיך הין און צוריק. אים דוכט, אַז אַלע זיינען צוגעקייטלט צו די מאַשינען. זיי ווילן זיך באַפרייען און קענען ניט. שנעלער! שנעלער! „אָרדערס" דאַרפן אַרויסגעשיקט ווערן! נאָך אַ דריי, נאָך אַ שטופּ! האַ! האַ! — גוט אַזוי! מאַכט פאַרטיק.

* * *

רעזניק האָט געמוזט זיין דריי יאָר אַלט ווען דאָס האָט פּאַסירט. ער געדענקט זיך אין אַ מיטן נאַכט איינגעקלאַמערט אין זיין מאַמעס אָרעמס אַנטלויפנדיק פון הויז. וואו דער טאַטע איז געווען, געדענקט ער ניט. רויטע צונגען האָבן זיך געריסן צום הימל. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געברענט. רויך און פייער האָט זיך געשפּרייט מיט דער שנעלקייט פון אַ שטורעמווינט. געשרייען און געוויינען. אידן לויפן צעטומלטע הין און צוריק. די ווייבער רייסן זיך די האָר פון קאָפּ! די אַלטע ערד איז גע־וואָרן שוואַרץ און נאַקעט, און קיין הויז איז מער ניט געווען.

פאַרוואָס דערמאָנט ער זיך וועגן דעם גראַד איצט?... ער ווייסט ניט. ווידער דער שאַפּ, ווידער דער רויש פון די מאַשינען. קעגנאיבער אים זיצט מאַניע — אַ קליינע, אויסגעדאַרטע פרוי מיט טויטע פאַרלאָשענע אויגן, מיט אויסגעטריקנטע, אויסגעדאַרטע ברוסטן, מיט אָרעמס דינע ווי שפּענדלעך. אירע אויגן אַלע מאָל פייכט און פאַרגלעזערט. ווער איז זי?... וואָס איז זי?.. געבוירן געוואָרן, זיך אויפגעהאָדעוועט, און וואָס? באַלד וועט זי אויף אייביק פאַרמאַכן אירע אויגן פון מידקייט. אַזאַ לעבן, נעבעך!

זיי וואוינען שוין אין אַן אַנדער דירה. דאָס הויז איז נאָענטער צום שטעטל. קאַשטאַן־בוימער וואַקסן אַרום. אָבער די בערג זעט מען מער ניט. דער באָדן איז פלאַך און ענדיקט זיך אין אַ זומפּ. דער טאַטע האַנדלט און וואַנדלט. גאָט גיט וואָס באַשערט און אַזוי דאַרף זיין. די מאַמע קרענקט אונטער ביסלעכווייז, גייט אַרום מיט אַנטצונדענע אויגן און דער טאַטע שוויגט נאָך מער. ווען רעזניק איז געווען אַכט יאָר, איז די מאַמע געשטאָרבן.

דאָס בילד פאַרשווינדט. ווידער דער שאַפּ. אַרבעטער ריידן, מען ווינקט זיך איבער: „קוק אויף דעם יונגנמאַנטשיק! אַ בראָך אין זיינע ביינער!" — שיפּעט איינער מיט גאַל. די איבעריקע לאַכן הויך אויפן

קול. ראָזע, די דרייפּערין, בייזערט זיך אויף זיי און דרייט זיך אַוועק מיט פּאַרדראָס. די אַרבעטער לאַכן און דערציילן זיך פּעפּערדיקע וויצן.

אַ דאַנק גאָט וואָס העלען איז שוין מער אין שאַפּ ניטאָ. ער וועט ענדיקן די אַרבעט, צוזאַמענקלייבן די „טולס" און פאַרלאָזן דעם שאַפּ. ער פּרובירט זיך גוט צוהערן צו דער שרעק — טאָמער וועט זיך ניט אויסאַרבעטן — וואָס וואַקסט אין זיין האַרצן... ער איז שוין אַכט־און־פערציק יאָר אַלט. העלען אַזאַ יונגע און שיינע! וואָס קען ער איר געבן?... אָט די געדאַנקען מוטשען אים שוין עטלעכע וואָכן. און איצט, ווען די צייט איז שוין געקומען, פילט ער, ווי אַ גרויסע פּאַניק וואָלט אים אַרומגעכאַפּט.

יאָ, אַזוי איז געווען. ניטאָ קיין מאַמע. דער טאַטע — הילפלאָז און אַליין. זיינע אויגן — אַריינגעזונקען טיף אין קאָפּ; די באַקן בלייכער, די ליפּן בלוטלאָז. שטייט ער שטענדיק לאַנג ביים פענצטער און קוקט אַרויס אין דעם דרויסן. די געשעפטן שטאַרבן אָפּ, הונגער ווערט אַן אָפּטער גאַסט. דאָס הויז איז שמוציק, די ווענט פייכט, שטיקלעך קאַלעך פאַלן פון דער סטעליע, אַפילו די טיר סקריפּעט אַזוי מוראַדיק יעדעס מאָל ווען מען עפנט איר.

ווינטער. ווינטן בלאָזן. דער טאַטע ליגט אָן כוחות אין בעט מיט פאַרמאַכטע אויגן. אַ קליין קעראָסין לעמפּל ברענט טונקל און די שאָטנס שפּרייטן זיך אויף די ווענט. שכנים קומען אַריין, שושקען זיך די ווייבער קרעכצן און ווישן די אויגן. אין עלטער פון צען יאָר ווערט רעזניק אַ קיילעכדיקער יתום.

* * *

אייזיק, דער אָפּערייטאָר, אַ ייד מיט אַ קיילעכדיק בערדל, מיט גרויע וואָרעמע אויגן, זינגט עפּעס שטילערהייט. רעזניק געדענקט ווען אייזיקס ווייב איז געשטאָרבן און איבערגעלאָזט אים מיט צוויי קליינע קינדער. ער האָט נאָך אַ מאָל חתונה געהאַט, אָבער עס גייט ניט אַזוי גוט. די נייע ווייב איז שלעכט צו די קינדער און אייזיק עסט זיך זיין האַרץ אויף. גאָט, וואָס פאַר אַן אומגליקלעכע וועלט דאָס איז!

* * *

רעזניק וואָלט וואָס גיכער אַנטלאָפן וואו די פיס וועלן אים טראָגן. דער שאַפּ און די מענטשן דריקן צונויף זיין האַרץ ווי מיט אייזערנע פינגער. אָבער די שרעק לאָזט ניט נאָך. עס וואַקסט אין אים און ווי אַ הונגער

גריזשעט עס זיינע ביינער. דער מאָרגן איז אַזוי אומזיכער און גאָט ווייס וואָס עס וועט זיין! זיין גאַנץ לעבן איז געווען אַ דורכפאַל. ווי אַזוי־זשע וועט עס איצט זיין אַנדערש?... וואָס פאַר אַ רעכט האָט ער צו פאַרפלאָנטערן העלען אין זיין אומגליקלעכן לעבן?

אַ מומע האָט אים געגעבן אַ היים. ער וועט עס איר קיינמאָל ניט פאַרגעסן. דאָס לעצטע ביסן ברויט האָט זי זיך געטיילט מיט אים. אַ קליינע, אויסגעדאַרטע פרוי, קוים געלעבט. געאַרבעט טאָג און נאַכט, ברויט גע־באַקן פאַר די רייכע פון שטעטל. דער מאַן איז געזעסן אין בית־המדרש און געלערנט טאָג און נאַכט. זיי האָבן געהאַט איין קינד, אַ מיידעלע, מיט גרויסע אויגן, זייער אַ קרענקלעכע. פלעגט זי הוסטן און שפייען מיט בלוט. די מומע פלעגט אויף איר קוקן מיט שרעק און זיך באַגיסן מיט טרערן.

רעזניקס לעבן איז געווען גרוי, אָן פרייד, די לאַנדסלייט האָבן צוזאַ־מענגעקליבן גראָשנס און אים געשיקט אין אַמעריקע. זייער פיין פון זיי. זאָל גאָט נאָך זיי באַצאָלן פאַר זייערע גוטע הערצער. דריי, מאַשין, דריי זיך! שאַפּ נאָך שאַפּ. גרויע ווענט מיט שטויביקע פענצטער, אומעט און עלנט.

* * *

קיינער ווייס ניט, אַז רעזניק איז ניט קיין אַלטער בחור. דאָס איז געווען מיט פיל יאָרן צוריק. ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר דריי־און־צוואַנציק. ער האָט באַגעגנט פריידעלען אין שאַפּ. זי איז געווען אַזאַ פריילעכע, אַ לאַכנדיקע, אַ שיינענדיקע. געווען פול מיט לעבן. געזעסן אַ מאַשין לעבן אַ מאַשין. זי האָט אַלע מאָל זיך געוויצלט און געמאַכט שפּאַס פון אים און ער איז געווען אַזאַ ערנסטער, אַ שווייגנדיקער, און אַלע מאָל געטראַכט. זי פלעגט שפּאַסיק אים רופן „גרויסער פילאָזאָף!" זיי האָבן חתונה געהאַט און ער איז געווען אַזוי גליקלעך. אָבער עס האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן: זייער לעבן איז געווען פינצטער ווי די נאַכט. וואָס ער האָט ניט געטאָן, איז געווען ניט גוט. ביז איין טאָג איז ער געקומען אַהיים און געפונען דאָס הויז ליידיק. אַ פאָר יאָר שפּעטער איז זי געשטאָרבן. רעזניק האָט זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אין זיין האַרצן האָט ער געטראָגן אַ ווייטיק אַ לאַנגע צייט.

נאָך פריידלס טויט איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ גערירטער פון זינען.

ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. שלאָפן ניט געקענט, ניט געקענט גע־פינען פאַר זיך קיין אָרט. פונקט ווי זי וואָלט אים קיינמאָל ניט פאַרלאָזן, ווי עס וואָלט קיינמאָל גאָרניט פּאַסירט. זיין פריידל איז געשטאָרבן און עס איז פאַרשוואונדן די פרייד פון זיין האַרץ.

דערנאָך זיינען געקומען אַ סך איינזאַמע יאָרן מיט זיך אַליין. דעם אַפּאַרטמענט האָט ער ניט אויפגעגעבן. ער פלעגט אַרומבלאָנדזשען פון איין צימער אין אַנדערן און זיך ניט געקענט געפינען קיין אָרט. אַ סך מאָל האָט ער זיך געוואונטשן דעם טויט — אָבער דער טויט איז ניט געקומען. און דאָס לעבן האָט זיך געצויגן ווי פון פעך ביז ער האָט באַגעגנט גיטעלען.

* * *

רעזניק הערט אימיצן קרעכצן און ער הויבט אויף דעם קאָפּ און זוכט מיט די אויגן — יאָ, עס איז מאַלקע — נאָר זי קרעכצט אויף איר ביטער לעבן. זי איז שוין אין די זעכציקער, אָבער קוקט אויס עלטער. זי האָט פאַרשוואָלענע, וואַסערדיקע אויגן און בלוטלאָזע ליפּן. זי פאַרבט אירע האָר און זיי קוקן אויס אָפּגעקראָכן, אָפּגעניצעוועט ווי זי אַליין. געווען אַמאָל אַ יידישע אינטעליגענטקע, שטודירט און געהאַט אַ סך טרוימען וועלכע זיינען צעריבן געוואָרן ווי איר לעבן. געווען שטאָלץ, איבערקלייבע־ריש און איז געבליבן אַליין. איצט קרעכצט זי און אירע הענט ציטערן און זי שרעקט זיך פאַר דעם מאָרגן ,פאַר דער עלטער און פאַר איר עלנט לעבן.

* * *

גיטל האָט זיך אָנגעהאַנגען אָן אים. געשלאָפן מיט אים, אָבער ניט געוואָלט ווערן זיין ווייב. חתונה — דאָס ניט! זי איז ניט פון די פרויען, וועלכע וועלן זיך אָנטאָן אַ שטיין אויפן האַלדז, און אייביק זיין צוגעבונדן צו איין מאַן. ניט זי! זי וויל ניט זיין קיין קעכין אויף צוגרייטן וועטשערע פאַרן מאַן ווען ער וועט צוריקקומען פון דער אַרבעט. אַזוי לעבן איז אָלרייט. פאַר מאָרגן זאָל גאָט זאָרגן!

גיטל גייט און קומט ווען זי וויל. האָט דעם שליסל פון הויז און ער ווייסט קיינמאָל ניט ווען ער וועט זי געפינען אין בעט. אירע שוואַרצע אויגן זיינען לאַכנדיקע, אירע ליפּן פולע, שמייכלען מיט שפּאַס. איר מויל פאַרמאַכט זיך ניט. עס שטראָמט פון איר מיט פעפערדיקע וויצן, אַז אַן „אפּערייטאָר" וואָלט אַפילו רויט געוואָרן. אירע פלינקע

הענט רייצן זיך מיט אים און ער ווערט פֿאַרברענט. עס איז געווען אַזוי גוט צו קומען אַהיים אַזוי שפּעט ביינאַכט און זי געפֿינען אַ באָרוועסע אָרומשפּאַנען אין הויז, אָדער ליגן אין בעט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און זיך צוהערן צו דער מוזיק פֿון פּאַנאָגראַף. אָבער דאָס האָט אויך ניט געדויערט לאַנג. זי איז אַוועק און איז קיינמאָל ניט צוריקגעקומען, מער זי קיינמאָל ניט באַגעגנט.

* * *

עס איז שפּעט. דער טאָג איז באַלד אַוועק. נאָר די מאַשינען רייזן. בלאַנדזשעט אַ מידקייט אַרום צווישן די ווענט. די אויגן פֿון די אַרבעטער זיינען מאַט. די הענט פֿאַרלירן דעם אימפּעט. דאָס קלאַפּן פֿון די אייזנס ווערט שוואַכער, די פֿאַרשטייפּטע ליפּן זיינען פֿאַרגליווערט. מען אַרבעט „אָווערטאַים״ און די אויגן פֿון די אַרבעטער וואַנדערן צום זייגער. עס איז שוין באַלד זעקס. דאַנקען גאָט דערפֿאַר, נאָך אַ טאָג איז אַוועק.

דאָס לעבן איז אַזוי שווער! אַז עס איז ניטאָ קיין אַרבעט, ווערט מען משוגע פֿון זאָרג. און אַז דער סעזאָן קומט וויל מען אַריינכאַפּן, ווייל עס וועט לאַנג ניט אָנהאַלטן. קיין געזונט איז ניטאָ, און מיט יעדן טאָג ווערט דאָס לעבן שווערער.

רעזניק האָט שוין זיין אַרבעט געענדיקט, נאָר ער זיצט נאָך ביי דער מאַשין. משוגע, אין אַזאַ ברען וועט ער אין שאַפּ ניט זיין. דער באָס האָט געזאָגט, אַז זיין מאַשין וועט וואַרטן אויף אים. אָבער ווער ווייסט ?... מען קען זיך אויף זיי פֿאַרלאָזן ? — אַז ער וועט ניט זיין, וועט אַן אַנדער פֿערד פֿאַרנעמען זיין פּלאַץ. אַרבעטלאָזע זיינען דאָ גענוג. געקענט וואַרטן אַ פּאָר חדשים. וואָס איז די לויפּעניש ? אָבער ער ווייס, אַז עס איז שוין צו שפּעט. זיין גאַנץ לעבן איז אַזוי : אַלעמאָל שפּעט. עס מוז זיין אַ סיבה וואָס די אַרבעטער האָבן אים פֿיינט און לאַכן פֿון אים ! וואָס איז פֿאַראַן דאָ ליב צו האָבן ?... אַליין — אַליין ! אַלעמאָל אַליין.

אין שאַפּ איז שטיל, די מאַשינען פֿאַרשטומען. אַ פּרעסער גיט דעם לעצטן קלאַפּ מיטן ברעטל. רעזניק בייט די הויזן, לייגט אַריין די אַלטע הויזן אין קעסטל, פֿאַרדעקט די מאַשין מיטן פֿאַרטוך, קוקט ניט אויף קיינעם. דאָס האַרץ איז אָנגעלאָדן מיט שווערקייט, און די פֿינגער זיינען ליימיקע, קענען זיך קוים רירן. ער וואָלט געדאַרפֿט אַנטלויפֿן פֿון שאַפּ, זיך אַרויסרוקן שטילערהייט און קיינעם ניט זען. אָבער ער ווייס ניט פֿאַר־

וואָס ער פאָרעט זיך און וואַרט. ער פילט, אַז אַזוי אַוועקגיין קען ער ניט. ער וויל בעסער זיין דער לעצטער אין שאַפּ!

ער שטייט אַ פאַרלוירענער און מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער פאָרעט זיך מיט עפּעס, אַז ער איז נאָך ניט גרייט צו גיין. איינציקוויייז גייען די אַרבעטער אַוועק און קוקן זיך אַפילו ניט אום אויף אים. עס איז שוין באַלד ליידיק דער שאַפּ. די פאַרטוכער פאַרדעקן די מאַשינעס. די עלעקט־רישע לעמפּלעך ווערן אויסגעלאָשן. ער מוז גיין! רעזניקן שטיקט אין האַלדז, ער ווערגט זיך מיט טרערן. ער איז שוין ביי דער טיר, עס איז אים אַזוי טונקל פאַר די אויגן, ער איז אַזוי עלנט און פאַרלוירן. קיינער פון שאַפּ האָט אים אַפילו קיין זיי־געזונט ניט געזאָגט, קיין גליק ניט גע־וואונטשן. צוריק וועט ער שוין מער ניט קומען. די יאָרן וואָס ער האָט אַוועקגעגעבן אין שאַפּ זיינען אַוועק מיט דעם ווינט. גאָרניט געבליבן — גאָרניט געווען.

רעזניק גייט ניט צום עלעווייטאָר. אין דעם מאָמענט וויל ער קיינעם ניט זען. ער גייט פּאַמעלעך אַרונטער איבער די טונקעלע טרעפּ פון פערטן גאָרן. אַלע ווייזלע בלייבט ער שטיין, ווי די פיס וואָלטן אים ניט געדינט, ווי זיינע גלידער וואָלטן ליים געוואָרן. ער פילט ווי דאָס האַרץ דריקט אים אַזוי שווער, אַזוי פּיינלעך, אַז ער וועט פאַלן אויף די שטיגן און וועט בלייבן פאַרגליווערט אויף אייביק. ער הערט דאָס שושקען זיך פון די ווענט: האַ! האַ! רעזניק גייט זיך נעמען אַ ווייב.

ער קען מער ניט איינהאַלטן די טרערן. זיי פליסן איבער זיינע באַקן און פאַלן אויף די אייזערנע שטיגן. קיינער הערט ניט זיין כליפּען אַ חוץ די שאָטנס און די שטומע ווענט.

# „פּאַסייק ריווער״

אַ שמאָלער בריק פֿאַראייניקט גאַרפֿילד און פּאַסייק. ביידע שטעטלעך רוען ביי די ברעגן פֿון „פּאַסייק ריווער״״. דער טייך מיטן שמוציק, געדיכט וואַסער, וואַשט די ברעגן, און דאָס געדוך פֿון דעם שטייענדיק וואַסער, מאַכט שווער צו אָטעמען אין די הייסע זומער־טעג.

צוויי פֿאַבריקן האָבן כמורנע געבליקט איינע אויף דער אַנדערער. איינע איז אַ פּאַפּיר־פֿאַבריק, וואו הונדערטער אַרבעטער פֿאַרלירן זייערע טעג. אַ גרויסע שטיינערנע געביידע, אַרומגעצאַמט מיט אַ שטיינערנער וואַנט, אַ גרויסן אייזערנעם טויער וואו טאָג און נאַכט זיינען געשטאַנען היטער, און די אַרבעטער זיינען געבליבן פֿאַרשלאָסן ביז פֿאַרנאַכט. און ווען דאָס רעוועוו פֿון דעם קוימען, וואָס האָט זיך געשפּאַרט צום הימל, האָט זיך געלאָזט הערן, פֿלעגן די היטער עפֿענען די טויערן און באַפֿרייען די אַרבעטער פֿאַר נאַכט־רו.

די פֿאַבריק אַנטקעגן איז אַ הילצערנע, אַ רויט־געפֿאַרבטע, האָט פֿאַרנומען אַ סך פּלאַץ. עס איז געווען אומעטיק צו קוקן ווי די געביידע האָט זיך צעשפּרייט ביי די ברעגן פֿון דעם שטינקענדיקן טייך. עס האָט פֿאַרדראָסן, וואָס מענטשן פֿאַרלירן דאָרטן זייערע טעג. מיט גרויסע בוכשטאַבן איז געווען אָנגעשריבן „מאָזעס ספּיוואַק, באַוול פֿאַרבן מאַנופֿעקטשורער״.

אין פֿאַבריק איז איצט שטיל. ניט ווייל עס איז נאַכט: אַ קורצע ווילע צוריק האָט יעדעס רעדל זיך געדרייט, האָט יעדע מאַשין געזונגען, האָבן באַוועל אין אַלערליי קאָלירן זיך געטריקנט, און פֿון דער וויטן האָט דער הדר אויסגעקוקט ווי אַ בליענדיקער גאָרטן. איצט איז שטיל, די גרויסע מאַשינען פֿאַרדעקט מיט ווייסן לייוונט, די גרויסע צימערן לאַנגווייליק זיך, שפּינען זיי שאָטנס, קוקן זיי בלינד אין די גרויסע פֿענצטער צום „פּאַסייק ריווער״, וואָס איז איצט אין נאַכטיקן צויבער, אין לבנה־

שיין; ציטערן די שמוציקע וואַסערן, טונקען זיך אין הימל, און מען פֿאַרגעסט די העסלעכקייט פֿון דעם טייך אין זונען־ליכט.

נאָך צוויי זייגער דאָ אין פֿאַבריק. מאָזעס ספּיוואַק זיצט אין זיין אָפּיס פֿאַרגראָבן אין די ביכער, קוקט אויף די ציפֿערן, וועלכע ער קען ניט פֿאַרשטיין, שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אָן די הענט און זיצט אַזוי פֿאַרגליווערט. און דער צווייטער — מענדל, דער היטער פֿון פֿאַבריק, שוין פֿופֿצן יאָר, ווי ער הערט זיינע נאַכטיקע טריט, וועלכע קלאַפּן אויפֿן שטיינערנעם דיל. מענדל איז הויך און דאַר, די האָר שוין גרויע. די פֿיס ווערן מידער. ער טראַכט, אַז עס איז זיין לעצטע נאַכט! וואָס וועט ער איצט טאָן מיט זיינע טעג? ווי וועט ער שלאָפֿן דורך די נעכט?

ס'איז ניטאָ מער וואָס צו היטן. מאָרגן וועלן די מאַשינעס פֿאַרקויפֿט ווערן. די ווענט וועלן בענקען נאָך דעם גערויש. דער דיל וועט בענקען נאָך זיינע טריט. מענדל גייט פּאַמעלעך, בלייבט שטיין ביי אַ גרויסער מאַשין. זיינע פֿינגער גלעטן די שטאָלענע רעדער. עס ווערט מענדלען ענג אין האַלדז, ער טוליעט זיך צו די שאָטנס. ער וואָלט געוואָלט פֿאַרגיין מיט זיי.

ער בלייבט שטיין ביי יעדער מאַשין. זיי דערמאָנען אים אַזוי פֿיל. דאָ האָט געאַרבעט מאַקס. אַ גאַנצן טאָג האָבן די הענט אימפּעטיק געאַרבעט. מען דאַרף נאָכיאָגן דעם גאַנג פֿון דער מאַשין. מאַקס איז געווען זיי'ער בלייך. די שאַרפֿע כעמישע שטאָפֿן האָבן זיך איינגעגעסן אין זיינע לונגען, אויסגעבלייכט זיינע באַקן, איבערגעלאָזט די פֿייערדיקע אויגן. דערנאָך מער ניט געקומען! ווער ווייס, וואָס פֿון אים איז געוואָרן? און אימיצער אַנדערש האָט פֿאַרנומען די מאַשין, ווי גאָרניט געווען!

מענדל ווייסט, אַז מאָזעס ספּיוואַק זיצט דאָרטן אַליין, דער קאָפּ איינגעבויגן, די אויגן מידע, די ברייטע פּלייצעס איינגעהויקערט. ער טראַכט אוודאי וועגן דעם גרויסן חורבן, וואָס איז פֿון אַלץ געוואָרן. ער טראַכט ניט רוען. דרייט ער זיך אַרום דעם חדר, וואו ספּיוואַק זיצט, האַלט איין דעם אָטעם. ער וויל ניט, אַז יענער זאָל הערן. רוקט ער זיך ביסלעכווייז אַוועק אין צווייטן צימער, זעצט זיך אַוועק ביים פֿענצטער און קוקט ווי אין וואַסער טונקען זיך די שטערן.

* * *

מאָזעס ספּיוואַק קומט מיט מענדלען פֿון איין דאָרף אין פּאָדאָליער

גובערניע. מענדל איז געוועזן דער ייִנגערער. ער געדענקט דעם טאָג ווען ספּיוואַק איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. מענדל האָט דעמאָלט ניט געט־ראַכט, אַז דאָרטן וועלן זיי זיך אַמאָל באַגעגענען, אַז ער וועט זייַנע נעכט פאַרקויפן צו זייַן עלטערן חבר.

מענדל האָט ליב געהאַט דעם דאָרף. ליב געהאַט די ברייטע סטעפּעס, ליב געהאַט די שוואַרצע ערד. ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין חלומות וועגן אַן אַנדער לעבן. אין דאָרף האָט זייַן טאַטע געלעבט און איז געשטאָרבן: זייער מיל, מיט פליגלען אויסגעשפּרייט ווי אַן אָדלער, איז געשטאַנען בייַם עק פון דאָרף. פון דאָרטן אָן האָבן זיך פעלדער אויסגעשפּרייט, קאָרן זאַנגען האָבן זיך געוויגט און זיך אָנגעטרונקען מיט זונען־שייַן.

מענדל געדענקט דעם פאַרנאַכט, ווען ער האָט ספּיוואַקן באַגלייט צום שטעטל, וואו דער אייַזנבאַן איז געלאָפן. עס איז געווען אַ הערבסט־נאַכט, דער וועג האָט זיך געצויגן דורך אַ וואַלד. די לבנה האָט געזילבערט דעם וועג, פאַרגרעסערט די שטילקייט. דער פערד איז געגאַנגען פּאַמעלעך. צייַט איז נאָך געווען גענוג — ניטאָ וואָס זיך צו אייַלן.

— דו האָסט ניט געדאַרפט אַוועקפאָרן, משה. דאָ ביסטו צווישן אייגענע, דאָ רוט דער פרידן איבער דער ערד. דאָרטן — ווער ווייס? דו וועסט פאַרלאָרן ווערן.

מענדל ווערט אַנטשוויגן. ספּיוואַק קוקט צום סוף פון וואַלד, וואו עס ציט זיך אַ ווייסער זאַמדיקער וועג צווישן קאָרן־פעלדער, און אַז ער רעדט, דערציילט ער וועגן זייַנע חלומות צו מענדלען.

„ער וועט גרויס ווערן דאָרטן. אין דעם דאָזיקן לאַנד. פאַבריקן וועט ער בויען, ער וועט מאַכן זייַן נאָמען באַרימט. ער ווייסט, אַז דאָרטן אויף יענער זייט ים, וואַרט אויף אים אַ לאַנד; וואַרט אַז ער זאָל זייַן מאַרך און בלוט באַנוצן אויף יענער ערד“.

מענדל הערט. עס ווערט אים אַזוי אומעטיק. צו וואָס דאַרף אַ מענטש גרויסקייט? — צו וואָס ריזיקע פאַבריקן? דאָ, איבער די פעלדער, רוט גאָט. דאָ קען מען זיך אין דער רואיקייט פאַרוויגן. דאָ קען מענדל פלאַנצן זייַן גאָרטן, ווען ער דאַרף אַפילו מיט נאַקעטע הענט אויפּרייסן דאָס ערד. דאָ קען מען דערפילן גאָט אין האַרצן. מענדל האָט ניט קיין גרויסע פאַרלאַנגען. פאַר אים איז גענוג, אַז די זון שייַנט איבער די פעלדער. פאַר אים איז גענוג צו זען אַ זון־אונטערגאַנג, אַ נאַכט איבער די סטעפּעס.

צו וואָס דאַרף אַ מענטש מער? ספּיוואַק שמייכלט, זיינע אויגן, פיבערדיק ווי זיין בלוט, חלומט שוין וועגן ווייטן לאַנד, וואו ער פּאָרט איצט.

מענדל האָט פון ספּיוואַקן די ערשטע צייט בריוו געקראָגן. בריוו פול מיט באַגייסטערונג פאַר דעם וואונדערלעכן לאַנד. איצט אַרבעט ער אין אַ פאַבריק. ווען מענדל וואָלט געזען די ריזיקע מאַשינען, ווען מענדל וואָלט געזען די גרויסע געבײַדעס, וועלכע דערגרייכן די וואָלקנס! ער אַרבעט שווער, אָבער ער לעבט מיט גרויסע דערוואַרטונגען אויף דעם מאָרגן.

מער האָט מענדל קיין בריוו ניט געקראָגן. נייעס האָט ער יאָ געהערט: ספּיוואַק האָט חתונה געהאַט, גענומען אַ רייכע פרוי, פאַרמאָגט אַ גרויסע פאַבריק. מענדל האָט געהערט און געשמייכלט. „זאָל אים זיין גוט״, האָט ער געטראַכט. מענדל איז געווען צופרידן, וואָס ספּיוואַקס חלומות זיינען פאַרווירקלעכט געוואָרן.

מענדל האָט אויך חתונה געהאַט, שוין געהאַט צוויי קינדער, געווען צופרידן מיט זיין דאָליע. געטראַכט וועגן אויסלעבן די יאָרן אין דאָרף. געדונגען ערד, באַארבעט, געזען ווי פון זיין שוויס בליען פעלדער. ווינטער פלעגן די יידישע פאַמיליעס זיך צוזאַמענקומען ביי אים אין הויז, טרינקען טיי און זיך דורכריידן. דערנאָך איז געקומען די נאַכטיקע רו: אַלע שלאָפן, עס דרימלען די קליינע הייזקעס, עס וויגן זיך די בוימער אין גאָרטן מיט די שניי אויף די צווייגן, עס דרימלט דער הימל איבער דער ערד. אַ דאַנק דיר, גאָט, פאַר דער רו און דעם פרידן!

* * *

דאָס איז געווען אין די שווערע פּאָגראָם־טעג. ענג איז געוואָרן אין דאָרף, די נעכט זיינען געוואָרן אָנגעפילט מיט בלינדער מורא. פון שטאָט אין שטעטל האָבן די ווינטן געבראַכט דעם גערוך פון בלוט, פאַרשפּרייט איבער דעם דאָרף דעם ציטער פון קומענדיקן מאָרגן. אין די שווערע צייטן האָט מענדל מיט זיין הויזגעזינד פאַרלאָזן די ערד, אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

מענדל שטייט איצט ביים פענצטער, קוקט אויף דעם טייך. עס מוז זיין אונטן אין דרויסן. דאָס פאַרגליווערטע וואַסער קלעפּט אָן ברעג. אַנטקעגן אין דעם מויער פון דער צווייטער פאַבריק, מיט די דריי הויכע קוימענס, רויכן נאָך מאַשינעס. דאָרטן קנייטשן זיך פינגער, דאָרטן שטייען איבער די מאַשינעס איינגעבויגענע רוקנס, דאָרטן קאָכן קעסלען, פלאַמען צאַפּלען זיך,

פאַרשפּרייטן אומרואיקייט אין דער נאַכט. אָבער דאָ איז שטיל, שטומע מאַשינעס, אומעטיקע ווענט, געדיכטע פּינצטערניש איינגעצוימט אין ווענט.

ער דערמאָנט זיך דעם טאָג, ווען ער איז אָנגעקומען אין פאַבריק. ספּיוואַק האָט אים איבערגעלאָזן מיט אַ ווייטיק אין האַרצן. די יאָרן, וואָס זיי האָבן זיך ניט געזען, האָבן אויסגעבויט אַ גלעזערנע וואַנט צווישן זיי. מענדל האָט געפילט, אַז אַ פרעמדער מענטש שטייט פאַר אים, אַ ברייט־פּלייציקער, מיט אַ פולן פּנים, מיט גרויע אויגן. דער זעקס־פוסיקער מענטש איז אים פרעמד, ער האָט אים מיט יאָרן צוריק ערגעץ געטראָפן, פאַרבייגעגאַנגען און מער גאָרניט.

מענדל איז געשטאַנען אַ צעטומלטער אין פאַבריק. ער האָט געפילט ווי קאַלטע הענט דריקן זיין לייב. ער האָט געאַרבעט אין אַ שטיינערנעם חדר, דער דיל קאַלט, די ווענט אומעטיק. אַ גאַנצן טאָג ביים וואַסער, די פינגער צעעסן פון די כעמישע שטאָפן. דריי רוסישע פּויערים האָבן מיט אים געאַרבעט. מענדל האָט געטראַכט, אַז זיי האָבן פאַרלאָרן די זון פון די אויגן; שעהען לאַנג פלעגן זייערע פינגער פיבערדיק אַרבעטן, די ליפּן פאַרשלאָסן, אַ גרויער שרעק האָט געציטערט אויף מענדלס לייב.

איז געקומען מיטאָג צייט, די אַרבעט אַוועקגעוואָרפן. זיצט מען אין דרויסן, מען עסט, מען זעטיקט זיך מיט לופט און הימל. מענדל קען ניט עסן. עס שטיקט אין האַרצן. ווען ער שעמט זיך ניט וואָלט ער גע־וואָרפן די אַרבעט און אַוועק איבער די גאַסן. ער דערמאָנט זיך אָן דער ווייב, אָן די קינדער, לאָזט ער אַרונטער אומעטיק דעם קאָפּ, און וויל מער גאָר ניט טראַכטן.

איינער פון די פּויערים, אַנטאָן, פרעגט מענדלען, פון וואַנען ער קומט. מענדל דערציילט אים, און דעם פּויערס אויגן צינדן זיך אָן מיט זון.

„כאָטין״? — ער ווייסט דעם דאָרף, ער אַליין איז געבוירן ניט ווייט פון דאָרטן. ער געדענקט די מילן ביים סוף פון דאָרף, דעם טייך, וואָס פליסט הינטערן וועלדל. אַנטאָן שמייכלט, רוקט זיך צו נענטער צו מענד־לען. עפּעס אַ וואַרעמקייט צעגיסט זיך אויף זיין פּנים, און מענדל שמייכלט אומעטיק.

„ווי לאַנג ביסטו אין לאַנד, אַנטאָן?״

„שוין צען יאָר, ברודער! אַ שווער לעבן, ניט געדאַרפט אַוועקוואַרפן

מיין היים. דו פאַרשטייסט, קיין ערד ניט געווען, געאַרבעט פאַר יענעם פאַרן אָרעמען ברויט. בין איך געפאָרן, געמיינט, אַז דאָ איז בעסער, האָב איך עסן געגנוג, עס פעלט אָבער ערד אונטער די פיס, עס פעלט די זון איבערן קאָפּ. ניט געדאַרפט אַוועק. געווען בעסער פגרן פאַר הונגער. דאָ איז ענג, ברודער!״

האָבן זיך געצויגן שווערע טעג. די פאַבריק איז געוואַקסן. ספּיוואַק האָט זייער ווייניק גערעדט צו אים, די אַרבעטער האָבן אים פיינט געהאַט. אַז ער פלעגט זיך באַווייזן אין פאַבריק, האָט זיך אַן אייזיקער ווינט אַ טראָג געטאָן. די אַרבעטער האָבן טיפער אַרונטערגעבויגן די קעפּ, פיבער־דיקער געאַרבעט.

און ספּיוואַק אַליין האָט ניט געקענט רוען: פּעק געטראָגן, אַ וועגל מיט „קאַטן״ געשטופּט, געווישט זיך דעם שווייס פון שטערן און פאַר־שוואונדן צוריק אין זיין אָפיס. די אַרבעטער פלעגן פרייער אָפּאָטעמען, און מענדל האָט געפילט אַז אַ מוראַדיקער האַס שפּרייט זיך אין זיין בלוט, האַס צו זיין אַמאָליקן חבר.

* * *

אין איינעם פון די צימערן איז געווען אַן אויסגעמויערטע גרוב אָנ־געפילט מיט כעמישע שטאָפן. אויבן, אויף אייזערנע שטאַנגען, איז גע־האַנגען אַ מאַשין, מיט אויסגעשטרעקטע אייזערנע אָרעמס, אַרום די אָרעמס אַרומגעוויקלט מאָטעקעס רויע פעדים. און די מאַשין לאָזט זיך אַרונטער אין גרוב, קומט אין עטלעכע מינוטן צוריק, און עס בליצן די פעדים מיט אַ זיידן גלאַנץ. די מאַשין, ווי אַ נאַסע חיה, בלייבט הענגען אין דער לופטן און לאַכט מיט איר שטאָלענעם גלאַנץ. די אַרבעטער מיט גומענע קליידער, וועלכע פאַרדעקן דאָס גאַנצע לייב, אַרבעטן אַרום דער מאַשין מיט טויט־שרעק אין הארצן. דער כעמישער שטאָף איז ברענענדיקער פייער! אויב עס באַרירט דאָס לייב, בלייבט אַ שטיק צעפרעסענע פלייש. די אַרבעטער ז'אַנקען גאָט, אַז דער טאָג איז פאַריבער, אַז זיי קענען נאָך אַמאָל גיין אַהיים און זען דעם הימל איבערן קאָפּ, דאַנקען גאָט, וואָס זייערע ליפּן קענען שעלטן זייער ביטער לעבן!

בעת די אַרבעטער זיינען דורכגעגאַנגען דעם חדר, האָבן זייערע בליקן זיך געצויגן צו דער גרוב. די אַלטע אַרבעטער ווייסן, אַז דער טויט שרייט פון דאָרט אַרויס: „פאַרוואָס פאַרשטעלט מען ניט די גרוב, ווען די

טאָג־אַרבעטער גייען אַוועק? פאַרוואָס איז ניטאָ גענוג ליכט פאַר די נאַכט־אַרבעטער?״ — עס האָט ניט געהאָלפן דער פרעגן. אַלץ איז געבליבן ווי געווען.

דער נאַכט־היטער איז געווען אַ מאַן אין די פופציקער. מענדל פילט איצט זיינע גרויע אויגן אויף זיך. שטענדיק איז ער געווען אומעטיק, עפּעס איז געווען באַהאַלטן הינטער זיינע שטייפע ליפּן. די נאַכט־אַרבעטער האָבן דערציילט, אַז ער פלעגט אין זיך גיסן דעם שטאַרקסטן אַלקאָהאָל. קיינמאָל זיך ניט פאַרקרימט. קיינמאָל ניט געשמייכלט. זיי האָבן זיך גע־וואונדערט ווי אַ ייד קען אַזוי פיל טרינקען. איין מאָל איז ער פאַר־שוואונדן. עס איז געווען אַ פראָסטיקע ווינטער־נאַכט. אין דרויסן האָט אַ ווינט געשריען. דער טייך איז געווען מיט שניי פאַרדעקט. די מאַשינען האָבן זיך צעזונגען מיט זייער שטאָלענעם קלאַנג, און דער היטער איז ניט געווען.

אויף מאָרגן האָט מען דעם קערפּער פון גרוב אַרויסגעשלעפּט. קיין מענטש איז מער ניט געווען, נאָר שטיקער שוואַרץ, פאַרברענט פליש מיט ליפּע לעכער וואו די אויגן זיינען געווען, וואָס האָבן שטום געקוקט אין דער הויך. האָבן די מאַשינען זיך פאַרגאַנגען אין שוויגן, האָבן די פרויען היסטעריש געוויינט און די מענער האָבן געשלונגען די טרערן. ספּיוואַק איז געשטאַנען, געביסן די ליפּן און געשוויגן. דערנאָך מיט אַ געבויגענעם קאָפּ אַוועק... מענדל האָט געשאָלטן זיין פינצטער לעבן, געשאָלטן די אַרבעטער און זיך פאַר זייער אומבאַהאָלפנקייט.

* * *

אויף מאָרגן איז געווען ווי אַלע טאָג. אַלץ דרייט זיך, רעדער און רעד־לעך. אייזערנע וואַלן מיט שטאָלענע פינגער, מאַשינען שרייען אימפּעטיק, קלאַפּן אויס מיט דעם קלאַנג פון מעטאַל דעם פאַרגיין פון דעם מענטשן. עס וויגן זיך מענטשן, עס צאַפּלען זיך פינגער, עס בויגן זיך רוקנס. אַלץ וויגט זיך: מענטש און מאַשין — איינס, צוויי, דריי! עס לאַכט דער בלייכער טאָג אומעטיק דורך די פאַרשטויבטע פענצטער אַריין.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ספּיוואַק אַריינגערופן מענדלען, אים גע־הייסן זיך זעצן, נאָכגעפרעגט אויף דער פאַמיליע. דערנאָך אים געזאָגט, אַז ער וויל אַז ער זאָל ווערן דער נאַכט־וועכטער אין פאַבריק. ער וועט

קריגן אַ פּאָר דאָלער מער אַ וואָך. דאָך אַ חבר פון דערהיים, האָבן זיי זיך דאָך געשפּילט צוזאַמען ביי די ברעגן פון דעם טייך.

מענדל האָט געשוויגן. ער האָט געטראַכט וועגן די שטיקער פאַר־ברענט פליש, וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון גרוב. איצט מאַכט מען אַן אייזערנעם צאַם אַרום גרוב... מיט אים וועט גאָרניט פּאַסירן. נאָר אויב יאָ — זאָל דער שוואַרציאָר נעמען! וואָס האָט ער וואָס אָנצואווערן?...

איז ער געוואָרן דער וועכטער פון פאַבריק. איז זיין לעבן נאָך גרוי־ליקער געוואָרן. די נאַכט־אַרבעט האָט זיך אָפּגעשטעלט. די פאַבריק איז אָנגעפּאַקט מיט פינצטערניש, די נאַכט קוקט אַריין דורך די פענצטער. דער טייך ליגט פאַרפראָרן, ציט זיך מיט ווייס־אָדערדיקע הענט אַנטקעגן דער פאַבריק אין שיין פון דער לבנה, און עס ציטערן די קוימענס אין שטערן־ליכט.

מענדל האָט די יאָרן ניט געציילט. ער האָט געציילט די מענטשן, וועלכע זיינען געקומען און אַוועק פון פאַבריק. שפּעטער האָט ער דאָס אויך ניט געטאָן. ער איז מיד געוואָרן פון דעם. קיינער האָט לאַנג די פּראַצע ניט געקענט אויסהאַלטן. זיינען אַרבעטער געקומען און אויף מאָרגן — ניטאָ. די ווייסע זיינען ביסלעכוויז פאַרשוואונדן, נעגערס האָבן פאַרנומען זייערע פּלעצער.

* * *

און מענדלס לעבן איז שווערער געוואָרן. דאָס ווייב איז געשטאָרבן. די קינדער האָבן זיך פאַרקליבן קיין ניו יאָרק, קיין מזל ניט געהאַט, זיך געמוטשעט צו מאַכן אַ לעבן.

מענדל איז געווען אַליין. דערדריקט פון זיין אומעט, פלעגט ער ביינאַכט אין פאַבריק ריידן צו די מאַשינען, דערציילן זיי וועגן זיין ביטער לעבן, דערציילן זיי וועגן דעם האַס וואָס קלייבט זיך אין זיין האַרצן קעגן זיין אַמאָליקן חבר, וואָס האָט פאַרוואַנדלט זיין לעבן אין אומעט. איצט שאַרט ער זיך ווי אַ שאָטן אין פאַבריק, קלאַפּט בלינד מיט זיינע פיס, הערט זיך איין צו דעם מורמלען פון דעם שטינקענדיקן טייך, פון פּאַסייק ריווער.

מענדל טראַכט וועגן דער צווייטער פאַבריק, וואו אַ ניי לעבן האָט זיך אָנגעהויבן. ער געדענקט דעם סטרייק לעצן ווינטער אין דער פּאַפּיר־פאַבריק. ער געדענקט די פרימאָרגנס, מיט די אַרבעטער אַרום דער

פאַבריק. לאַנגע רייען דריקן זיך צו די גרויע מויערן. די געשלעגן, וואָס דאָרטן זיינען געווען דעם פרימאָרגן, ווען מען האָט דעם יונגן דזשאַגען אַ האַלב־טויטן אַוועקגעשלעפּט אין האָספּיטאַל. ער געדענקט די לאַנגע וואָכן, טאָג נאָך טאָג, די ווילדקייט פון דער פּאָליציי, די געשרייען פון פרויען. איצט קלינגען נאָך אָפּ מיט ווייטאָג יענע פרימאָרגנס.

נאָר דאָ איז אַלץ פאַרגליווערט. שטייען די אַרבעטער כמורנע ביי די מאַשינען, וואַרטן ביז דער טאָג וועט פאַרגיין. און מענדלען דריקט שווער דאָס האַרץ.

די לעצטע צייט אַרבעטן ווייניקער אַרבעטער אין דער פאַבריק. ספּיוואַק איז די לעצטע חדשים אַלט געוואָרן, זיינע אויגן האָבן פאַרלאָרן די שאַרפקייט, די ברייטע פּלייצעס — איינגעבויגן. ער קוקט אויף די שטומע מאַשינען, דרייט זיך אַרום, ווייס ניט וואָס צו טאָן מיט זיך.

און מענדל היט נאַכט נאָך נאַכט די פוסטע פאַבריק. ער האָט אַזוי מורא פאַר דער פוסטקייט! עפּעס פּלאָנטערט זיך אים אין קאָפּ. איין נאַכט איז ער געשטאַנען ביים פענצטער. אין דרויסן איז געווען שטיל. דער טייך איז געלעגן פאַרגליווערט אין לבנה־שיין. און מענדל האָט דערפילט ווי אַ געוויין שטיקט אים אין האַלדז, ווי אין האַרצן נאַגן טויזנט ווייען. ער האָט מיט די הענט זיך אָנגעהויבן קלאַפּן אין האַרצן. ער איז אַרומ־געלאָפן אין דער פאַבריק, ביז ער איז געפאַלן צו דער ערד און זיך פאַר־גאַנגען אין אַ קלאָגן...

אַ צווייטן מאָל האָט ער דערפילט אַ פוסטקייט אין האַרצן. קיינער איז ניטאָ, מאַשינען מיט אייזערנע אָרעמס. שטאָלענע פינגער קריכן אין דער נאַכט, אין דרויסן רעגנט. עס קלאַפּט אין דער פינצטער. די שאָטנס צעזיינגען זיך אין די ווינקלען, דער קאָפּ איז אָנגעפילט מיט מידקייט. מענדל פילט ווי זיין פּנים הויבט זיך אָן קרימען, די ליפּן קנוילן זיך אין געלעכטער. מיטאַמאָל הערט ער אַ הילכיקן קול, ער ווייס ניט ווער עס שרייט... פון אומעטום הערט זיך אַ דעמאָנישער געלעכטער. די מאַשינען לאַכן ביז געוויין. און ער לויפט אַרום, פּאַטשט מיט די הענט, טאַנצט אַרום די שאָטנס.

שווערע טעג. מענדל היט די מאַשינען די לעצטע נאַכט. פון מאָרגן אָן וועט ער ניט וויסן וואָס צו טאָן מיט די נעכט. מאָרגן וועט ספּיוואַק שטיין און קוקן ווי די מאַשינען האָבן אים פאַרשלונגען. מענדל לאַכט.

פופצן יאָר געהיט פאַר דיר. ער פילט, אַז ער ווערט דערשטיקט פון געלעכטער, ער ווייסט, אַז ספּיוואַק איז פאַרלאָרן. ער פילט ווי זיינע פינגער קנייטשן זיך, און פון די ווינקלען פון זיין מויל שטראָמט האַס.

ספּיוואַק גייט איבער דער פאַבריק. זיינע אָרעמס הענגען אַרונטער, דער קאָפּ געבויגן, ער זעט מענדלען, בלייבט שטיין און פירט מיט די פינגער איבער די האָר. צו וואָס היטסטו נאָך דאָ? גיי אַהיים, מענדל! ניטאָ מער וואָס צו היטן!... — זיין קול פאַרגייט זיך אין אַ כריפּען.

מענדל ענטפערט ניט. עפּעס האָט אַ צי געטאָן ביים האַרצן, ער דערמאָנט זיך אָן דעם דאָרף, עס ווערגט אין האַלדז...

— „געדענקסט, מענדל, אין דאָרף?" ספּיוואַק קוקט צום טייך. ער רייבט די אויגן. — „זעסט, אַלץ איז צעפאַלן. זאָג, דו ביסט ברוגז אויף מיר, מענדל? וואָס מאַכט דיין ווייב?" — ער רייבט דעם שטערן — „פאַרגעסן, געשטאָרבן! זיי ניט ברוגז, מענדל". ער פאַרמאַכט די אויגן, שטייט ווי ער וואָלט אַנטדרימלט געוואָרן.

מענדל ענטפערט ניט. ספּיוואַק שאַרט זיך אַוועק. מענדלס אויגן בליצן מיט פייער. ער גייט נאָך ספּיוואַקן. יענער שטייט ביים טייך. אין דרויסן גליווערט די נאַכט. דאָס וואַסער שימערט מיט לבנה־שיין. ספּיוואַק וויגט זיך אַהין און צוריק. איצט טראַכט ער אוודאי וועגן זיין קינדהייט, טראַכט אַוודאי וועגן דעם ווייב און קינדער, וואָס ער וועט מער ניט זען.

די קינדער זיינען דאָך פרעמדע אויסגעוואַקסן! ער איז דאָך געוועזן פאַרנומען מיט דעם פיבער פון די מאַשינען! געלאָפן, געלאָפן. איצט איז ער מיד, ער וויל פאַרגיין אין שטילקייט...

מענדל זעט ווי ספּיוואַקס קערפּער וויגט זיך, ער טראַכט אַז די נאַכט רופט אים. ערגעץ רייסט זיך אַ הונט פון אַ קייט, מענדל טראַכט פון הונט. עס גיט עפּעס אַ קלאַפּ אין וואַסער, מענדל קוקט זיך אַרום. ספּיוואַק איז ניטאָ. מענדלען מישט זיך אין קאָפּ. הונט... קייט... ספּיוואַק... מאַשינען... פאַבריק... דאָרף... שטילקייט... ער פילט, אַז עס איז אַזאַ לאַסט צו לעבן, איצט איז שוין גאָר ניטאָ. ער קען זיינע אויגן ניט אָפּרייסן פון וואַסער. ער איז אַזוי מיד. ער זיצט אויף דער ערד. די אויגן מידע, די הענט מידע, די ערד איז מיד פון אים. ער דרימלט איין. די נאַכט איז לאַנג. וועט אַמאָל טאָג ווערן?

# האַם

עליע איז געווען אַ ייד אין די פּערציקער, אַ הויכער, אַ דאַרער מיט שטופּלען אין דער נאָז. די אויגן וואַסערדיקע, אויסגעצוואָגענע, פאַרטרערטע. אַ הויכער שטערן, מיט אַ שפּיציקן קאָפּ האָר — נאָר אַ מאַמע האָט דאָס געקענט ליב האָבן.

אין דעם גאַנצן שאָפּ האָט עליע ניט געהאַט קיין פריינד. ער האָט פיינט געהאַט אַלעמען, און אַלע האָבן אים פיינט געהאַט. קיינער האָט אים ניט גערופן ביים נאָמען. יעדער האָט געהאַט פאַר אים אַ צונאָמען, ווי אַ שטייגער — כאַלעריע, אַקסן־קאָפּ, פאַרקרימטע צורה. און עטל די פינישערין האָט פאַר אים געהאַט דעם טשיקאַוון נאָמען: „ווער געהרגעט". זי פלעגט הויך אויפן קול זיך צעשרייען — „קוק ווי ווער געהרגעט האָט זיך אויסגעפּוצט! כאַטש נעם לייג אים אַריין אין גרוב!" און זי פלעגט זיך צעלאַכן הויך אויפן קול.

קיינער האָט ניט געוואוסט פאַרוואָס זיי האָבן פיינט עליען: זיי האָבן אַפילו ניט געטראַכט וועגן דעם. עס איז געווען אַזוי נאַטירלעך ווי אַ מרונק וואַסער. אהרן דער פּרעסער האָט אַמאָל געזאָגט: „אַז עס איז אַ פאַרגעניגן אים אָנצושפּייען אין פּנים! פאַרוואָס? — וואָס הייסט פאַרוואָס! אַ ניכפּע אויף אים. דאָס איז אַלץ".

עליע האָט געפלייצט מיט האַס! ער איז געווען אַ שווייגער, זיינע דינע ליפּן פאַרזיגלט, מיט קיינעם ניט גערעדט. אַ שנעלער אַרבעטער, אַ גרויסער פאַרדינער, פאַר אים איז קיין שלעכטע אַרבעט ניט געווען. די פינגער דינע, פלינקע האָבן זיך ווי שלאַנגען געדרייט און די הענט פול מיט פיבער האָבן ניט געקענט רוען.

די ווינטער טעג זיינען געווען טריבע אין שאַפּ. די געמיטער זיינען געווען ניט קיין פריילעכע. קיין צופיל אַרבעט איז אין שאַפּ ניט געווען, און די פאַרדינסטן זיינען געווען קלאָגעדיקע. דער באָס פלעגט זיך ניט

ווייזן אין שאַפּ, ווי ער וואָלט אויסגעמיטן זיך צו טרעפן מיט די אַרבעטער. דער פאָרמאַן, אַ ביטערער מענטש מיט אַ לאַנג געזיכט, האָט זיך נאָכאַנאַנד געטשעפעט צו אַלעמען, און די אַטמאָספערע אין שאַפּ איז געווען אַן אָנגעצויגענע ביז פּלאַצן.

די אַרבעטער צווישן זיך האָבן זיך געהאַלטן אין איין קריגן. זייער גאַנצן צאָרן האָבן זיי אויסגעלאָזט איינער צום אַנדערן. יעדער האָט גע־טראַכט, אַז דער אַנדערער וויל אַרויסרייסן זיין ביסן פון מויל. זייער צאָרן קעגן עליען האָט דערגרייכט אַ שטופּע פון ביטערן האַס. „אַזאַ זשלאָב, האָט נית קיין ווייב און קינדער, איז אָנגעשטאָפּט מיט גאָלד, און רייסט זיך פאַר יעדער דרעס. איין כאָלעריע איז פאַר אים ווינציק...

און דער האַס האָט זיך געשפּרייט און אָנגעפילט די גרויע ווענט. עליע, וועלכער האָט אַלע מאָל ווייניק גערעדט, איז איצט אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן. די אויגן זיינע זיינען געווען שטענדיק פייכט און טרערנדיק. דער נאָז איז געוואָרן פליישיק, די האָר ניט פאַרקעמט. ווען ער האָט געאַרבעט זיינען זיינע אויגן געוואָרן איינגעגראָבן אין דער מאַשין. אַניט פלעגט ער זיצן אויפן באַלקאָן, וועלכער האָט אַרומגערינגלט דעם שאַפּ, און קוקן אויפן האָדסאָן און די גרויע בערג אויף דער אַנדערער זייט טייך. ציית האָט ער געהאַט אַ סך. מיט דער אַרבעט איז ער פאַרטיק געוואָרן שנעל, געקוקט מיט פאַראַכטונג אויף די איבעריקע אַרבעטער, וועלכע קענען קיינמאָל ניט פאַרטיק ווערן. „פּורצעס״, האָט ער געטראַכט מיט פאַראַכטונג, „ליימיקע פינגער האָבן זיי״.

דער ווינטער איז געווען אַ שווערער, מיט רעגנס און שנייען, כמארנע טעג וועלכע האָבן זיך געשלעפּט ווי די גרויע וואָלקנס, דער וועטער איז געווען ווי עליעס זינלאָז לעבן. עליע טראַכט זייער אַ סך לעצטנס וועגן זיך. און זיינע געדאַנקען פּלאָנטערן זיך. אַלץ איז אַזוי נעפּלדיק ווי קיינמאָל נית געווען. זיין גאַנץ לעבן, זינט ער געדענקט זיך, איז געווען אומזיכער און פאַרפּלאָנטערט.

דער טאַטע זיינער איז געווען אַ שוסטער. אַ לאַטוטניק, אַ קליין דער־שראָקן מענטשעלע, פאַר וועלכן קיינער האָט ניט געהאַט קיין רעספּעקט. קליין געוואַקסן מיט אַ ציגן בערדל, מיט גרויסע אויגן, וועלכע האָבן זיך געשפּאַרט פון קאָפּ. זיינע פאַרדינסטן זיינען געווען קליינע, קיין עסן

איז קיינמאָל ניט געווען געגוג. דערפאַר זיינען געווען אַ סך קינדער, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אונטער די פיס ווי מיסט.

קינדער זיינען געשטאָרבן, אַנדערע זיינען געקומען. עס איז געווען אַן אייביקער קאַמף צווישן לעבן און טויט. אָבער דער טויט האָט געזיגט. פון אַלעמען איז ער דער איינציקער געבליבן. „אַ שאָד", טראַכט עליע. ער האָט אויך געדאַרפט שטאַרבן. וואָס האָט ער פון זיין לעבן? פאַרוואָס האָט ער געדאַרפט געבוירן ווערן?

די מאַמע איז געווען אַ הויכע דאַרע יידענע, מיט טויטע, אויסגעלאָשענע אויגן. זי האָט ניט געוויינט, ניט געלאַכט, זיך אַרומגעשלעפּט ווי אַ שאָטן און ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט זי איז. זי פלעגט אַרומגיין און ריידן צו זיך אַליין, דערנאָך אַ מאַך טאָן הילפלאָז מיטן האַנט און אַנטשוויגן ווערן.

קיינער פלעגט ניט אַריינקומען אין זייער הויז. דער עלנט האָט זיך געוויגט צווישן די ווענט. די קליינע פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט צעשראָקן צום דרויסן. די צימערן זיינען געווען שמוציק, אָפּגעלאָזן. און די טויטע קינדער האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט און ניט געוואָלט פאַרלאָזן די פוסטע ווענט.

אַלץ איז געווען אַזוי גרוילעך און הילפלאָז. די מאַמע האָט זיך אויסגעטענהט מיט די שאָטנס וועגן איר אומגליקלעך לעבן. דער טאַטע איז אַלע מאָל געווען אין אַ ווינקל פון הויז אַ צעשראָקענער, אַ ציטערדיקער און אַ שווייגעדיקער. זעלטן ווען ער האָט אַרויסגערעדט אַ וואָרט, פלעגט זיין שטימע קלינגען פרעמד אין הויז.

* * *

עליע ליגט אויף זיין בעטל און קוקט אויף די גרויע ווענט. עס איז שוין אַזוי שפּעט ביינאַכט, און די גרימעניש אין בויך האָט נאָך ניט אָפּגעלאָזן. פון שלאָפן איז ניטאָ קיין רייד! נאַכט נאָך נאַכט, אַז ער מאַכט די אויגן ניט צו. ער גייט צום דאָקטאָר יעדע וואָך, אָבער עס העלפט גאָרניט. עפּעס קוקט אויף אים דער דאָקטאָר אַזוי פאַרדעכטיק. „פאַרוואָס גייט איר ניט אין האָספּיטאַל?" זאָגט ער אים, „איך קען אייך גאָרניט העלפן" — אָבער עליע וויל אין שפּיטאָל ניט גיין! איינמאָל וועט ער אַהין אַריין און ער וועט זיין פאַרלוירן. ער האָט דעם געפיל, אַז פון דאָרטן

וועט ער שוין מער ניט אַרויסקומען! גיין, ער וועט ניט גיין, זאָל זיין וואָס עס איז!

פאַרטאָג. עליע קען ניט רירן מיט קיין אבר. די הענט און די פיס זיינען אַזוי שווער, די אויגן ברענען מיט פיבער. די גרימעניש אין בויך הערט ניט אויף אויף קיין רגע. אָבער צו דער אַרבעט וועט ער גיין! אַ ניכפּע אויף די לאַטוטניקעס אין שאַפּ. זיין אַרבעט וועלן זיי ניט מאַכן! האַ־האַ, אויפן בויך וועט ער קריכן און ניט דערלאָזן, אַז זיי זאָלן קריגן זיין באַנדל דרעסעס. ניין! — ער וועט דאָס ניט דערלאָזן אַפילו ווען זיי פּלאַצן.

עס איז זייער פרי. די טיר פון שאַפּ איז נאָך פאַרמאַכט. די גאַס איז ליידיקלעך. עליע קען זיך אויף די פיס ניט האַלטן. ער שפאַרט זיך אָן האַרט ביי דער וואַנט, גראַבט די פינגער איין אין די ציגל. דער קאָפּ דרייט זיך אים און ער פילט זיך אַזוי הילפלאָז. — זאָל נאָר איינער פון די אַרבעטער ניט אָנקומען! די האַלעדריגעס וועלן אָנקווועלן ווען זיי וועלן אים זען אין אַזאַ לאַגע — ניט דערלעבן וועלן ווען זיי, די הינט! ער וועט ווייזן, ווייזן וועט ער זיי!

קיין סך אַרבעט איז ניטאָ. אָבער אַלע אַרבעטער זיינען אין שאַפּ. מען דאַרף אַזוי פיל און עס איז דאָ אַזוי ווייניק. אַ ווייב, קינדער, עסן, שיכלעך, קליידער. מען מוטשעט זיך צו מאַכן אַ שטיקל לעבן. זיי וואַרפן בייזע בליקן אויף עליען. אַזאַ גאָרניט און עס רייסט איין אַ וועלט. וואָס וועט ער טאָן מיט זיין געלט? ניט קיין קינד, ניט קיין רינד. לעבט ווי אַן אָקס, און וועט שטאַרבן ווי אַ פערד.

אָבער עליע קוקט אויף קיינעם ניט. זיינע ווייטיקן זיינען גרויס. ער פאַרבייסט די ליפּן און וויל וואָס גיכער ענדיקן די אַרבעט. ער וואָלט אַנטלאָפן פון שאַפּ וואָס שנעלער. ער האָט מורא, אַז ער וועט צוזאַמענברעכן. ער וועט אויסברעכן אין אַ געוויין! די אַרבעטער, אַ ניכפּע אויף זיי, וועלן אָנקווועלן פון זיינע ווייטיקן. זיי איז גוט! זיי האָבן ווייבער, קינדער, היימען. ער איז אַליין, עלנט. אַליין אין דער גאַנצער וועלט. אַ היימלאָזער הונט. אַזאַ פינצטער לעבן. שוין בעסער ניט געבוירן ווערן. עליע האַלט זיך אָן דער מאַשין מיט די לעצטע קרעפטן. דער גאַנצער שאַפּ דרייט זיך פאַר זיינע אויגן. איצט וואָלט ער שוין געוואָלט שרייען נאָך הילף, נאָר די צונג וויל זיך ניט רירן. די אויגן שפּאַרן פון קאָפּ. נאָר די פיס — ווי זיי

וואָלטן געהאַט זייער אייגן לעבן, שפּאָרן זיך אָן דעם טרעטער, און די מאַשין פליט ווילד ווי זי וואָלט געקראָגן אַ ניי לעבן. פריי ווי אַ ווילד פערד, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון שטריק און לויפט מיט פרייד איבערן פעלד.

און פלוצלינג שטילקייט. קיין שום באַוועגונג, אַלץ איז פאַרגליווערט אין שטיקנדיקן האָס. רויטע פלאַמען פאַרצערן די גאַנצע וועלט. עליע פילט אַזאַ פרייד.. גוט אַזוי! זאָל די גאַנצע וועלט אונטערגיין! זאָלן די פּורצעס פון שאָפּ פאַרניכטעט ווערן! — כוואַליעס פון האָס שפּרייטן זיך איבער דער גאַנצער וועלט. פלאַמען ווי פייערדיקע צונגען טאַנצן אין הימל.

ווידער פאַרשווינדט אַלץ. נייע בילדער וויקלען זיך פאַנאַנדער. זייער שטיבל מיט דעם שטרויענעם דאַך. די בלינדע פענצטער באַדעקט מיט דיקן שטויב. דער קאַשטאַן־בוים אַ צעבליטער, אַ פולער, אָן אָנזאָג פון נייעם לעבן. דער רויש פון וואַסערפאַל, וועלכער באַוועגט די מיל. ער זעט דאָס וועלדל, גרין און דרימלענדיק הינטער דעם הויז. עס איז אַזוי גוט צו זיין צוריק, אַוועק פון שאָפּ און פון די גרויע ווענט אָנגעזאַפּט מיט האָס. עס איז אַזוי גוט צו זיין צוריק אין דער היים.

דער טאַטע זיצט ביים פענצטער און לאַטעט שיך. דער קלאַפּ פון האַמער מאַכט פריילעך אין הויז. די מאַמע זיצט אין אַ ווינקל און שיילט קאַרטאָפל. די פליגן זשומען, קלאַפּן אין די פענצטער. עליע פילט אַזוי געמיטלעך, אַ וואַרעמקייט נעמט אַרום זיין האַרץ. ער פאַרמאַכט די אויגן און פילט אַזוי גוט, ניטאָ קיין האָס מער אין זיין האַרצן. ער הערט די מאַשינען רוישן, און די אַרבעטער וויגנדיק זיך צום טאַקט. אָרעמע אַר־בעטער! אָרעמע לאַטוטניקעס! אַזאַ אָרעם לעבן און אַזוי פיל זאָרג.

ער, עליע, איז פריי פון דעם אַלעמען. ער איז צוריק אין דער היים און די זון שימערט ווי גרין גאָלד. אַ קלאָרער הימל מיט ווייסע דורכזיכטיקע וואָלקנס. ער איז פריי ווי דער ווינט. פאַר פרייד פאַרמאַכט ער די אויגן. עס ווילט זיך אַזוי דרימלען. שלאָף! שלאָף!

די מאַשין האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט! עליע מאַכט די אויגן מער ניט אויף.

# זלמן „רעטייערט"

זלמן איז שוין די נאַכט ניט געשלאָפן: געלעגן מיט האַלב פאַר־מאַכטע אויגן און זיך צוגעהערט צו דעם שושקען זיך פון די שאָטנס און דעם קלאַפּן פון רעגן אויף די פענצטער. ער האָט אַפילו די וויטיקן פון די ביינער ניט געפילט.

זלאַטע, זיין ווייב, איז געשלאָפן אומרואיק, זיך געדרייט אויף אַלע זייטן און געקרעכצט. דער שלאָפצימער איז געווען פייכט און קיל, און אַפילו אונטער דעם וואַרעמען צודעק האָט זלמן געפילט קאַלטע פינגער אויף זיין לייב. ער האָט זיך איינגעגנורעט אין דער קאָלדרע, זיך פאַרדעקט ביזן מויל. נאָר די נאָז און די האַלב־פייכטע אויגן האָבן זיך אַרויסגעזען.

זלמן קען ניט פאַרשטיין וואָס עס פּאַסירט מיט אים. פאַוואָס איז ער אַזוי צעוויטיקט און אומרואיק? זיין לעצטער טאָג אין שאַפּ!... אַ גאַנץ לעבן האָט ער דאָך געוואַרט און געהאָפט אויף דעם מאָמענט. קיין הונגער וועט ער ניט דאַרפן ליידן; אַ דאַך איבערן קאָפּ וועט אויך זיין; די יוניאָן און די רעגירונג וועלן שוין אַלץ פאַרזאָרגן. אַ ביסל פון דאַנען, אַ ביסל פון דאָרטן, — אַ דאַנק דעם אייבערשטן דערפאַר, נאָר אַ ביסעלע געזונט און אַלץ וועט זיין גוט, זיין גוט.

אָבער איצט, ווען דער טאָג איז שוין געקומען, פילט זיך זלמן זייער אומרואיק. ער קען זיך אַליין ניט פאַנאַנדערקלייבן. אומרואיקע געדאַנקען מוטשען אים: „רעטייערט", הו... הו... וואָס פאַר אַ פויגלדיק וואָרט „רע־טייערט" — מער זיך ניט כאַפּן אויפשטיין אין פרימאָרגן; ניטאָ וואו צו גיין מער; קיינער וואַרט ניט אויף דיר; אין שאַפּ וועט אַלץ בלייבן ווי געווען. די מאַשין וועט באַלד פאַרנומען ווערן, דאָס רעדל וועט זיך דרייען, נאָר זיין האַנט וועט מער ניט פילן דעם קאַלטן שטאָל.

דאָס גאַנצע לעבן איז אַזוי. עס האָט אַן אָנהויב און אַ סוף. מען ווערט געבוירן, מען שטאַרבט. אינצווישן האָט מען קינדער, עס איז אַ טומל אין

הויז, די ווייב שרייט, די קינדער טראָגן זיך ווי אַ ווינט אין אַלע צימערן — עס איז ניטאָ גענוג אויף אויסצוקומען. מען זאָרגט זיך, מען קען ניט שלאָפן, מאַכנדיק פאַרשיידענע פּלענער וואָס צו טאָן. און מיט אַמאָל זיינען מער קיין דאגות ניטאָ. אין הויז איז שטיל, די קינדער אויסגעגעבן. איינס אין קאַליפאָרניע, איינס אין פלאָרידע. די טאָכטער אין לאָנג איילאַנד. זעט מען זיך אַמאָל, פרייט מען זיך מיט די אַלטע טאַטע־מאַמע. אָבער די טאָכטער איז אַזוי פאַרנומען! — דער מאַן איז אַן אַדוואָ־קאַט. און אַ לאָיער איז ניט אַבי ווער! מען דאַרף זיך טרעפן מיט מענטשן — סאָסייעטי יו נאָו! ביזנעס איז ביזנעס! מען האָט טאַקע ליב טאַטע־מאַמע. זאָלן זיי געזונט זיין און טעלעפאָנירן. אַבי מען הערט איינס פון דעם אַנדערן.

* * *

און זלמנס געדאַנק טראָגט זיך אַריבער צו זיין קינדהייט. אַ קליין שטעטל אַרומגערינגלט מיט וועלדער. אַ טייך אַ ברייטער מיט קלאָרע וואַסער, מען קען זען דעם דעק. די הייזער זיינען אָפּגעטיילט איינס פון דעם אַנדערן. מיט גענוג פלאַץ פאַר גערטנער, מיט פרוכט און קאַשטאַנענע ביימער. זייער הויז איז אַן אָרעמע כאַטע. גרוי און אָפּגעלאָזט מיט קליינע פענצטערלעך, וועלכע קוקן אַרויס צום טייך. ריזיקע דעמבענע ביימער רינגלען אַרום דאָס הויז און לאָזן ניט צו די זון.

די מאַמע, אַ קליינע און איינגעדאַרטע, אַ יאַדישלעווע, הוסט טאָג און נאַכט, סאָפּעט, קרעכצט און האַלט אין איין וויינען. דער טאַטע, אַ הויכער, אַ ברייטביינִיקער, אַ לאַנגער פּנים מיט גרויע ליכטיקע אויגן. די קינדער קלעפּן זיך צו אים, טוליען זיך צו דעם גרויסן וואַרעמען קער־פּער. אין די ווינטער־נעכט, ווען שניי־זאַווערוכעס טראָגן זיך אין דער לופט און טרייסלען די פענצטער, איז דער טאַטע ווי וואַרעם ליכט, וואָס ברענגט פרייד אין הויז.

זלמן איז שוין פערצן יאָר אַלט. זיינע צוויי עלטערע ברידער פון אַמעריקע האָבן אים געשיקט אַ שיפסקאַרטע, און ער איז גרייט צו פאָרן, עס איז דער לעצטער טאָג, די לעצטע שעה. זלמן קען עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אַ זוניקער פרימאָרגן, אַ לויטערער הימל. די מאַמע כליפעט, דער טאַטע שפּאַנט אַרום הין און צוריק. זיינע אויגן זיינען פייכט, זיין באָרד

ציטערט. „איטקע פאָרט צום מאַן אין אַמעריקע און זי וועט שוין אַכטונג געבן אויף אים". אַלץ פאַסירט אַזוי שנעל, ווי די גאַנצע רייזע וואָלט געווען אַ חלום.

און אָט איז ער שוין ביי די ברידער אין הויז אויף אָרטשאַרד סטריט, אין דעם גרויסן לאַנד אַמעריקע.

די צימערן זיינען קאַלטע; דער קלאָזעט אין קאָרידאָר. מען באָדט זיך אין וואַש־באַסיין אין קיך. די ווענט טונקעלע, גרויע. די פענסטער קוקן אַרויס צו אַ בלינדער וואַנט. אָבער ווי זויבער עס איז אין הויז! אַלץ ריין גע־וואַשן, ווייסע פאָרהאַנגען אויף די פענצטער. און אַזאַ געמיטלעכקייט, אַז זלמן פילט, אַז ער איז אין אַ פּאַלאַץ. נאָר ענג איז דאָרטן, דריי צימערלעך פאַר אַזוי פיל מענטשן... יאָ, מען דאַרף קריגן אַרבעט און זוכן אַן אַנדערע היים.

געקראָגן אַרבעט־פּאַפּירן. אין אָוונט געדאַרפט גיין אין סקול. אַמע־ריקע וויל געבילדעטע מענטשן. ענגליש דאַרף מען זיך לערנען, ווערן אַן אַמעריקאַנער מיט אַלעמען גלייך. נאָר אַרבעט איז שווער צו קריגן. די צייט לויפט. דער ברודער קוקט אויס באַזאָרגט. זיין ווייב וואַרפט קרומע בליקן. זי רעדט ניט קיין וואָרט. זי זאָגט גאָרניט. אָבער ער, זלמן, פילט, אַז ס'איז אים ענג אין הויז.

נאָר אַ לאַנדסמאַן האָט רחמנות געהאַט און אים גענומען צו זיך אַלס העלפער צו „סקוירטס". — „דו וועסט ביי מיר זיין אַ געזונטער אָפּערייטאָר, זלמן. ברייטע פּלייצעס האָסטו. נישקשה פון אַ יונג! און ביי גאָט איז דאָ אַ סך שעהען, וועט מען אַרבעטן מיט די זייטן, ברודער מיינער!"

זלמן וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן די ערשטע טעג אין שאָפּ. אַ קליי־נער פּלאַץ און נאָך קלענערע פענסטער. אַ טייל פון זיי מיט גראַטעס באַשלאָגן, ווי אין אַ תפיסה. שטויב און שמוץ. בערג מיט פּאַפּיר אונטער די טישן, די מאַשינעס אָן עלעקטריק. נאָר שאַרערס. אַ שטופּ אַהער, אַ שטופּ אַהין, מען שאַרט מיט די פיס צו באַוועגן די מאַשין. ווי אַ ווינסטער חלום האָבן זיך די שעהען געצויגן, און זלמן האָט ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט ער איז.

נאָכדעם איז שוין געוואָרן בעסער. פאַרטאָג, אין גרויען האַלב־ליכט, איז זלמן געגאַנגען צו דער אַרבעט. די הויכע גרויע געביידעס, די האַלב־ליידיקע גאַסן, די שטומע פענצטער, וועלכע האָבן זעלטן געזען די זון,

אַלץ האָט זיך צוזאַמענגעקנוילט אין איין פאַנטאַסטיש בילד. ער פלעגט שטיין ביי דער טיר פון דער פאַבריק און האַלב דרימלען, טויזנטער גע־דאַנקען האָבן זיך געמישט אין זיין קאָפּ. בילדער פון די קינדער־יאָרן האָבן אויפגעלויכטן און זיך געלאָשן.

ביסלעכווייז איז די פאַבריק געוואָרן אַ טייל פון זיין איך. די אַר־בעטער — אַ טייל פון זיין בלוט און פליש, ווי זיינע אייגענע גלידער. ער געדענקט נאָך איצט הערמאַן דעם הארבאַטש מיט זיינע קינדערשע בלויע אויגן און זיין קורץ געשאָרן בערדל, וועלכער איז געשלאָפן אין שאַפּ. דער שטויב און שמוץ זיינען געוואָרן אַ טייל פון אים, אַז צייטנווייז פלעגט ער פאַרשלונגען ווערן פון דער גרויקייט פון די ווענט, זיך באַהעפטן מיט די שאָטנס און פאַרלוירן ווערן. הערמאַן איז ניט געווען פאַרבונדן מיט דער אויסערלעכער וועלט. אין שאַפּ געלעבט, אין שאַפּ געשטאָרבן.

אַזוי פיל שפּעטער, אַזוי פיל מענטשן. אַ סך זיינען אויסגעבלייכט געוואָרן, אַ סך לעבן נאָך אין די געדאַנקען, ווי עס וואָלט נעכטן פּאַסירט. אָבער ער געדענקט איין שאַפּ זייער קלאָר. דער באַלעבאָס, אַ קורצער מיט אַ שפּיציק בייכל, מיט אַ נאָז ווי ביי אַ פּיפּערנאָטער. מיט האָר, וועלכע זיינען געשטאַנען ווי פּרענטלעך. אַ שרייער, זאָל גאָט אויסהיטן. זיין באַ־סאָווע שטימע האָט זיך כסדר געטראָגן איבערן שאַפּ ווי אַ דונער: „האָלי־דריגעס, אַ פינצטער יאָר! וואָס פאַר אַן אַרבעט מאַכט איר! הינט וועלן דאָס אַפילו ניט טראָגן. עסן אויף דעם מאַרך פון מיינע ביינער, די כאָלערעס". ער פלעגט ווערן זייער אויפגערעגט, זיך פאַרהוסטן און ווערן רויט ווי אַ בוראַק.

ער געדענקט בלימקען, אַ הויכע אויסגעדאַרטע מיידל, וועלכע פלעגט דאַלטן אין איין הוסטן. זי שטייט אים פאַר די אויגן מיט אירע פלאַכע ברוסטן, אויגן שיינענדיקע ,ווי אין היץ, און די ליפּן און דאָס מויל ווי ביי אַ קינד. זי איז געווען די ערשטע מיידל אין זלמנס לעבן; די ערשטע פרוי צו לאָזן אים וויסן, אַז ער איז שוין אַ מאַן. זי איז געווען אַזאַ דעליקאַטע, אַזאַ אידעלע. האָט גערעדט רוסיש, געזונגען רוסישע לידער, דעקלאַמירט נאַדסאָנען. געווען עלטער פון אים, אָבער אויסגעקוקט האָט זי יינגער. זומער, אין פאַרק פלעגן זיי זיצן, זיך האַלטן פאַר די הענט און טרוימען. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט. דער הוסט איז געוואָרן רייסנדיקער און אָפטער, דערנאָך בלוט — און דער שפּיטאָל. אין האַרבסט ווען אַלץ האָט

פאַרבליט, די קאַלירן האָבן אָנגעהויבן שטאַרבן, איז ער געשטאַנען ביי איר קבר און שטיל געכליפּעט.

* * *

יאָרן לויפן ווי וואַסער באַרג אַרונטער. דאָס גוטע און דאָס שלעכטע ווערט מיט דער צייט פאַרשוואונדן. זלמן פילט, אַז זיין לעבן איז ניט געווען אַזוינס אויף וואָס מען דאַרף זיך באַקלאָגן. טאַקע געהאַרעוועט דאָס גאַנצע לעבן; זיך געזאָרגט פאַר ווייב און קינדער, אָבער, דאַנקען גאָט! עס זיינען געווען פריידיקע טעג אויך. מען דאַרף דאָס שלעכטע פאַרגעסן און דאָס גוטע געדענקען. מען דאַרף דאַנקען דעם אייבערשטן דערפאַר וואָס מען קען נאָך זען דעם הימל איבערן קאָפּ, די זון און די שטערן.

זיין אַלטע שלאָפט אומרואיק. ער הערט איר אָטעמען און אונטער־קרעכצן. מאָדנע, ווי שנעל דאָס לעבן פאַרגייט. ערשט נעכטן איז זלאַטע אַזוי יונג געווען: אַ שלאַנקע, אַ הויכע, אַ טונקעלע ווי אַ ציגיינערין. אירע פיס אויסגעטאָקטע, באַוועגט האָט זי זיך ווי אַ יונגער הירש. זי איז נאָך געווען אַ גרינע, נאָר וואָס געקומען פון רוסלאַנד, ווען זיי האָבן זיך באַ־געגנט צום ערשטן מאָל אין אַ לאַנדסמאַנס הויז. עס איז געווען אַ פאַר־געניגן צו קוקן אויף איר. יעדע באַוועגונג אירע איז געווען אַן אָנזאָג פון פרילינג און האָט אים דערמאָנט אָן דעם סאָסנע־בוים, וועלכער איז געוואַקסן הינטער זייער הויז; דעם טייך מיט די קלאָרע וואַסערן, וועלכע האָבן זיך געשפּיגלט אין דער זון און געוועקט אין אים אַזאַ צאַרטע בענק־שאַפט.

זיך באַגעגנט און גלייך צוגעקלעפּט איינער צום אַנדערן. פון דער ערשטער מינוט, ווען זייערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט, האָבן ביידע גע־וואוסט, אַז זייער שיקזאַל איז שוין לאַנג באַשטימט געוואָרן, צו גיין זייער וועג צוזאַמען ביז דער ענדע פון זייערע טעג.

און זלאַטע איז געווען אַ גוטע ווייב צו אים. זי האָט אים געגעבן אַ זין צום לעבן. ווי ביטער עס זאָלן ניט זיין די טעג אין שאַפּ, האָט זלמן אַלץ פאַרגעסן, גייענדיק אַהיים צו זלאַטען. עס איז געבליבן נאָר די גרויסע דערוואַרטונג פון זיין מיט איר. דער נאָגנדיקער הונגער פון זיך באַ־העפטן און ווערן איינס.

זלמן טראַכט וועגן די קינדער. דאַנקען גאָט, ער דאַרף צו זיי ניט אָנקומען און זיי זיינען פאַרזאָרגט און דאַרפן צו אים ניט אָנקומען. בעסער

אַזוי. זיי בויען זייערע אייגענע נעסטן, לעבן זייער אייגן לעבן. אַזוי דאַרף זיין. זאָל נאָר די ווייב זיין געזונט, וועלן זיי קענען אָפּלעבן די איבעריקע טעג פון זייער לעבן אין פרידן און אָן זאָרג.

עס גרויט אין דרויסן. די כמאַרעס ווערן ווינציקער, אָבער עס איז נאָך פייכט און די נעץ קריכט אין די ביינער. זלמן רוקט זיך אַרויס שטילערהייט פון הויז. ער גייט פּאַמעלעך צו דער סאָבווײ, ניטאָ זיך וואָס צו איילן. זיין ביסל אַרבעט האָט ער שוין נעכטן כמעט ווי פאַרענדיקט. מער וועט ער ניט נעמען: — עס איז דער לעצטער טאָג. וואָס איז געווען ביז איצט איז שוין פאַרענדיקט. וואָס גאָט וועט געבן, אַזוי וועט זיין. וואָס איז דאָ צו קלערן ?... אַ נייער טאָג קומט אָן, און עס וועט זיין אַלרייט... אָלרייט.

עס איז זייער פרי. די גאַסן זיינען האַלב ליידיק. די פאַבריק געביידעס שטייען נאָך פאַרמאַכט. די פענצטער קוקן צו דער גאַס מיט בלינדע אויגן. די טירן פון די שעפּער זיינען נאָך פאַרשלאָסן. די מאַשינעס שטייען פאַרגליווערט. זלמן שטייט ביי דער טיר פון דער גרויסער געביידע און הערט זיך צו צו דער אויפוואַכנדיקער שטאָט. ער וואַרט, אַז דער שאַפּ זאָל זיך עפענען פאַר אים צום לעצטן מאָל. ער האָט אַ געפיל, אַז ער וועט די אַרבעטער מער אין זיין לעבן ניט זען. צוואַנציק יאָר געאַרבעט צוזאַמען — אין לייד און אין פרייד. און מיט אַ מאָל ווערט אַלץ פאַרשוואונדן, ווי קיינמאָל ניט געווען.

זלמן זיצט ביי דער מאַשין אַזוי זיך. דאָס טישקעסטל פון דער מאַשין שוין אויסגעליידיקט; די אַלטע הויזן פאַרפּאַקט; די שער שוין אין קעשענע; די איבעריקע זאַכן אין אַ טאָרבעלע אויף דער מאַשין. אָבער ער רירט זיך ניט פון שטול. עפּעס האַלט אים צוגעשמידט צום אָרט. די אַרבעטער קוקן אויף אים און שמייכלען. די יינגערע קענען דאָס גאָרניט פאַרשטיין: פאַרוואָס גייט זלמן ניט אַהיים ?... ער האָט שוין גענוג געאַרבעט אין זיין לעבן, ער קען שוין אָפּרוען זיינע מידע ביינער — הלוואי אויף זיי געזאָגט געוואָרן, ניט אָנצוקוקן מער דעם שאַפּ. אָבער די עלטערע אַרבעטער פאַרשטייען זלמנען, אייניקע האָבן טרערן אין די אויגן.

און פּלוצלינג נעמט זלמן אַ שמאַטע און הויבט אָן פּוצן און רייניקן די מאַשין; ער פּאָלירט און גלעט יעדע טייל. אַלץ שיינט און גלאַנצט שוין, נאָר זיינע הענט באַוועגן זיך נאָך ווי אין פיבער. זיינע אויגן זיינען פייכט, טרערן הילן איין אין נעפּל דעם גאַנצן אַרום.

# אַ שאַפּ איז געשטאָרבן

דאָס איז געווען דער לעצטער טאָג פאַר דעם שאַפּ. אָבער קיינער פון די אַרבעטער האָט דאָס ניט געגלויבט. זיי זיינען געקומען צו דער אַרבעט פריער ווי אַלע מאָל. עס איז נאָך געווען גרוי אין דרויסן. דער שניי, וואָס איז ביינאַכט געפאַלן, איז נאָך געלעגן אויף די גאַסן ווייס און ניט צע־טראָטן.

זיי זיינען אַריין אין שאַפּ מיט שטילע, דראָבנע טריט. יעדער אַרבעטער איז געגאַנגען צו זיין פּלאַץ אַ שווייגנדיקער און מיט אַן אומעט אין האַרצן. עס איז נאָך געווען טונקל צווישן די ווענט. דאָס עלעקטרישע ליכט איז געווען טיילוויז אָנגעצונדן. און דאָס גרויע ליכט פון דעם ווינטער פרי־מאָרגן האָט קוים אַריינגעשיינט דורך די פענצטער און איז פאַרלאָרן גע־גאַנגען צווישן די שאָטנס.

מען דאַרף ענדיקן די אַרבעט, אָבער קיינער כאַפּט זיך ניט. די הענט זיינען אַזוי שווער, די פינגער לייַמיק, ניטאָ זיך וואָס צו איילן. דער טאָג וועט זיך ענדיקן, און דערנאָך זיך שלעפּן אין די גאַסן און זוכן אַרבעט. — גאָט ווייס וואָס וועט זיין?

עלקע זיצט ביי דער מאַשין און טראַכט וועגן איר עלנד לעבן. זי איז אַ מיידל אין די יאָרן. זי האָט שוין לאַנג געמאַכט שלום מיטן געדאַנק, אַז דאָס וועט שוין זיין איר לעבן.

אַ קורצע, מיט בלאָנדע אָפּגעבליאַקעוועטע האָר, מיט מידע אויגן. און אַ לעבן וואָס פאַרשווינדט טראָפּנוויז, אַ לעבן אָן פרייד, אָן דערוואַרטונג אויף אַ מאָרגן. עלקע אַרבעט שוין צוואַנציק יאָר פאַר מר. גאָלדשטיין. זי איז אַזוי מיד, אַזוי פאַרלאָרן, אַזוי צעשראָקן פאַר דעם מאָרגן! זי זיצט מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, שעמט זיך ווייזן אירע טרערן און איר הילפלאָזיקייט.

* * *

אייזיק זיצט ביי דער מאַשין און וויגט זיך הין און צוריק מיט האַלב צוגעמאַכטע אויגן. די פינגער באַוועגן זיך פיבערדיק, ווי זיי וואָלטן גע־

האָט זייער באַזונדער לעבן און עקזיסטענץ. זיין לאַנגע, שוואַרצע באָרד און די בלויע קינדערשע אויגן זיינען אַ קאָנטראַסט איינע צו די אַנדערע. זיינע ליפּן ציטערן, באַוועגן זיך ווי ער וואָלט גאָט געבעטן. אייזיק איז פרום, גלייבט אין גאָט. ער פילט זיך ווי אַ טייל פון דער גרויסער מיסטעריע, פון דעם גרויסן גייסט וואָס הערשט אויף דער ערד און אין הימל.

מסתמא דאַרף אַזוי זיין! ווער איז ער צו פרעגן פראַגעס? אָבער אומעטיק איז אים. ער קוקט אויף די איבעריקע אַרבעטער פון שאַפּ און האָט אַזוי פיל רחמנות אויף זיי. זיי זיינען, נעבעך, גאָטלאָזע! עס איז אַזוי שווער צו לעבן אָן אַ גלויבן און זיין אַליין! אַליין!

* * *

פריידקע די בלאָנדע, מיט גרויע ליכטיקע אויגן. דער געזיכט אָן אויסגעבלייכטער. די ליפּן פולע, הונגעריקע. פאַר איר איז דער טויט פון שאַפּ די ענדע פון אַ חלום. איר גאַנץ לעבן הענגט אויף אַ דינ׳עם פאָדעם, וואָס ווערט איצט צעריסן. זי איז שוין אין די פערציקער, נאָך אַ פּאָר יאָר און ס׳וועט זיין נאָך אַלעמען.

פריידקען פעלט מזל. אַזוי פיל האָט שוין פּאַסירט אין איר לעבן. די טעג ווי שפּינוועב זיינען צעריסן געוואָרן.

דער פאַרשטאָרבענער מאַן איז געווען אַ לאַנגע צייט קראַנק. פריידקע איז געווען די פאַרזאָרגערין. זי פלעגט קומען אַ מידע פון דער אַרבעט און אָנהויבן אַרבעטן אין הויז, מאַכן באַקוועם פאַר יאָסלען, אים העלפן ווי אַ מאַמע העלפט אַ קראַנק קינד.

יאָסל איז געווען בלייך, בלוטלאָז און פאַרטראַכט. די דאָקטוירים האָבן שוין לאַנג אים אָפּגעזאָגט ס׳לעבן. קענסער פאַרניכטעט זיין קערפּער. פריידל וואָלט אים געגעבן דאָס בלוט פון איר האַרצן, אויב זי וואָלט אים גאָר געקאָנט העלפן! אָבער קיינער קען מער גאָר ניט טאָן! ער ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן און וואַרט אויפן טויט.

און דער טויט איז געקומען אין מיטן דער נאַכט. זי איז נאָך ניט געווען איינגעשלאָפן. אַ שווערע מידקייט האָט ביי איר דעם שלאָף פון די אויגן אַוועקגענומען. זי האָט געהערט אַ פאַרשטיקטן קרעכץ פון יאָסלס ליפּן. זי האָט געהאַט דעם געפיל ווי דער טויט וואָלט זיך אַרויסגעריסן

פון זיינע פאַרמאַכטע ליפּן און זיך אַ טראָג געטאָן איבערן גאַנצן צימער, און אַן אייזיקער ווינט האָט זיך צעוואָיעט אין דער נאַכט.

דאָס איז געווען מיט 6 יאָר צוריק. זעקס נאַקעטע יאָרן, אָן פריידן. נאָר לעצטנס האָט עפּעס פּאַסירט אין איר לעבן. אַ נייער פּרעסער איז געקומען אַרבעטן אין שאַפּ. אמת איז, אַז ער איז שוין אין די פופציקער. זיין ווייב איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק. קיין קינדער האָט ער ניט. און אַן אויג האָט ער געוואָרפן אויף פריידלען נאָך דעם ערשטן טאָג, וואָס ער איז געקומען אין שאַפּ.

ער איז אַ הויכער, אַ קרעפטיקער, מיט האָריקע אָרעמס און ברוסטן. אַ פריילעכער איז לייבוש. אַ שפּאַסיקער, און אַ גאַנצן טאָג זינגט ער. ער קוקט אויף פריידלען און זינגט און ווינקט מיט אַן אויג.

„פריידקע, פריידקע, איך האָב דיך אַזוי ליב!

פריידקע, פריידקע, פריידקע, איך וועל גיין פאַר דיר אין גריב".

אַ וואַרעמקייט נעמט איר דורך ווען זי טראַכט וועגן דעם. מעגלעך אַז עפּעס וועט ווערן פון דעם — זי איז אַזוי מיד פון אַרבעטן איר גאַנץ לעבן — אַ היים וואָלט זי געוואָלט! אַ קינד אפשר? אַזעלכע זאַכן קענען אַמאָל פּאַסירן, אויב גאָט וויל.

אָבער איצט שטאַרבט דער שאַפּ. דער לעצטער טאָג, די לעצטע שעה, די לעצטע מינוט. זי און לייבוש וועלן זיך צעשיידן. ווער ווייסט וואָס עס קען פּאַסירן? — וועלן זיי זיך ווען נאָך אַ מאָל טרעפן? וועט איר האָפענונג שטאַרבן צוזאַמען מיטן שאַפּ?

* * *

פלאַקסער איז אין די פערציקער. די האָר רויטלעכע. דער געזיכט אַ לאַנגער, די ליפּן דינע. די אויגן טיפע.

פלאַקסער לעבט אויס זיינע יאָרן טרוימענדיק. קיינער ווייס ניט וואָס אין זיין האַרץ איז! די אַרבעטער זאָגן אַז ער איז אַ יאָלדאַק. זיצט, אַ שווייגעדיקער, מיט אויסגעשטאָרטשעטע אויגן און ווייס ניט וואָס עס טוט זיך מיט אים. רעדט מען צו אים, הערט ער ניט. טאָג נאָך טאָג דאָס זעלבע. ער איז ניט פון דער וועלט.

אָבער פלאַקסער טראַכט וועגן עפּעס אַנדערש. ער מוז שווייגן! ער מוז! קיינער קען אים ניט העלפן! קיינער ניט.

קיינער ווייסט ניט וואָס עס טוט זיך ביי אים אין דער היים. קיינער

ווייסט ניט פון זיין באַליידיקט, צעבראָכן האַרץ. ער האָט אַ ווייב און אַ קינד. ווי אַזוי קען מען דאָס אַפילו דורכלאָזן דורך די ליפּן.

סאָניע, די ווייב, איז אַ לייביקע יידענע, אַ פרוי אַ ברען. ליכטיקע אויגן, ליכטיקע האָר און פולע באַגעריקע ליפּן. זי איז העכער און שטאַרקער פון אים, און פלאַקסער ווערט גאָר קלענער אין איר קעגנוואַרט. זי האָט נאָר פאַראַכטונג פאַר אים.

זיינע נעכט זיינען שלאָפלאָזע. ער רירט אָן איר לייב מיט ציטערדיקע הענט. מיט בייזקייט רוקט זי זיך אַוועק פון אים. „לאָז צורו! לאָז צורו! נאָר זיינס ליגט אים אין זינען. שוין אַלץ באַזאָרגט. מיינע פינגער זיינען פול מיט דימענטן. איך פאַר אַלע יאָר אין פלאָרידע. אַלץ שוין באַזאָרגט!" דערנאָך ענדיקט זי מיט פאַראַכטונג: „נעם אַוועק דיינע קאַלטע הענט! איך פיל ווי אַ זשאַבע וואָלט מיך אָנגערירט"...

אַלע ווייסן, און פלאַקסער אויך, אַז זי פאַרברענגט מיט אַנדערע מענער. די אויגן ברענען ביי אים. זיינע ליפּן ציטערן. ער מאָלט אויס אין זיין געדאַנק פאַרשיידענע בילדער. ער זעט איר נאַקעט לייב, אירע ברוסטן, אירע לאַנגע עלעגענטע פיס. פרעמדע פינגער גלעטן זי. ליפּן קושן איר לייב. און דערנאָך! ער פאַרמאַכט די אויגן און בייסט די ליפּן. ער וועט זי און זיך דערהרגענען. אָבער עס איז מער ניט ווי אַ געדאַנק. ער ווייסט, אַז ער איז הילפלאָז און פאַרלאָרן.

פלאַקסער איז אַ גוטער פאַרדינער. זיינע פינגער אַרבעטן פיבעריש. ער ווייסט, אַז די איינציקע זאַך וואָס האַלט נאָך סאָניען צוגעבונדן צו אים איז זיינע פאַרדינסטן. זי וואַרט אויף דעם פאַרנאַכט, ווען ער קומט פון דער אַרבעט און באַגעגנט אים מיט אַ שמייכל. דער מאָלצייט איז אַ בעסערער און אירע אויגן זיינען ליכטיקער. פלאַקסער אַרבעט דעריבער בלייסיקער. ער וויל אַ סך פאַרדינען. ער אַרבעט שפּעטער, אַרבעט אויך שבת פאַר עקסטרע באַצאָלט. ברענגט דעם קאָנווערט ניט קיין געעפנטן גלייך צו איר. סאָניע גיט אים אַ גלעט און זאָגט מיט שפּאָס: „אוי האָסטו געבראַכט אַ באָמבע!" דערנאָך לייגט זי צו איר באַק צו זיינער און ער פאַרמאַכט מיט פרייד די אויגן.

פלאַקסער ווייסט אַז אַלץ איז איצט שוין געענדיקט. די צייט איז שלעכט און קיין אַרבעט איז ניטאָ. היינט וועט ער ברענגען זיינע לעצטע פאַרדינסטן. ער וועט איר אַפילו ניט זאָגן וואָס עס האָט פּאַסירט מיטן

שאַפּ. אַהיים וועט ער מער ניט קומען. ער וועט גיין צום האַדסאָן ריווער, זיך אַריינוואַרפן אין טייך און לאָזן דעם שטראָם אים אַרונטערשלעפּן צום גרונט.

* * *

דער באָס, מר. גרינבערג, איז אין די זעכציקער. ער איז אַ קורצער, אַ פעטער, מיט מילדע בלויע אויגן. אַ מאָדנער מענטש איז דער מר. גרינבערג. אַזוי מאָדנע ווי דער גאַנצער שאַפּ. מען זאָגט, אַז ער האָט אַ סך געלט. פשוט בערג מיט גאָלד! ער האָט אַ טאָכטער, איז זי פּונקט דער היפּוך פון דעם טאַטן. אַ הויכע, אַ שלאַנקע, אָבער די אויגן דעם טאַטנס. מילד בלוי און שמייכלענדיק.

גרינבערג איז זייער שטאָלץ מיט זיין טאָכטער. אַז זי קומט אַמאָל אַריין אין שאַפּ, צעשמייכלט ער זיך מיט זיינע פעטע ליפּן און זיין קיילעכ־דיק פּנים ווערט ליכטיקער.

די ווייב זיינע, איז שוין לאַנג געשטאָרבן. לעבט מען אין אַ האָטעל וואו עס איז ניטאָ קיין ברעקל וואַרעמקייט. אַ פרעמדע וועלט, פרעמדע מענטשן, אַ יאַריד פון גיין און קומען. איצט איז שוין די טאָכטער אויס־געגעבן. דער מאַן אירער — אַ גרויסער פאַרדינער. שוין ניטאָ מער פאַר וועמען צו אַרבעטן. ער האָט שוין גענג אויף זיין גאַנץ לעבן און אַלץ וואָס ער באַדאַרפט. אָבער שרעקן, שרעקט ער זיך. וואָס וועט ער טאָן מיט די ליידיקע טעג? גרינבערג האָט קיינמאָל ניט געטאָן עפּעס אַנדערש. קיינמאָל קיין בוך ניט געליינט. קיינמאָל זיך ניט באַשעפטיקט מיט גע־זעלשאַפטלעכער אַרבעט.

גרינבערג האָט אַ געפיל, אַז זיינע יאָרן וועלן זיך ענדיקן צוזאַמען מיט דעם שאַפּ. ער איז כמורנע און אויפגערעגט. אָבער עס איז שוין צו שפּעט. אַלץ איז שוין פאַרקויפט און דאָס איז דער לעצטער טאָג.

* * *

לייזער איז דער עלטסטער אַרבעטער. ער איז שוין איבער זעכציק און דער געזיכט קוקט אויס פיל עלטער. גרינבערג האָט געאַרבעט מיט לייזערן אין שאַפּ. לייזער איז געווען אַ פיינער אַרבעטער. געהאַט גאָל־דענע פינגער. ער, גרינבערג, איז געווען ניט אַזוי אײַ־אײַ־! די פינגער שטייפע און אומגעהובעלטע. געהאַסט די מאַשין און די גרויע ווענט. לייזער געדענקט דעם ערשטן טאָג ווען ער איז געקומען אַרבעטן פאַר

גרינבערגן. געווען נאָך אַ יונגערמאַן. איצט...? די יאָרן ליגן שווער אויף די פּלייצעס. ער וועט שוין מער קיין אַרבעט ניט קריגן. די אויגן זיינע זיינען שוין צו שוואַך, די הענט ציטערן און די געדאַנקען וואַנדערן אַוועק פון דער אַרבעט, צו די הימלען צו.

לייזערס אויגן בלאָנדזשען אַרום דעם שאַפּ. איינער נאָך דעם אַנדערן פאַרענדיקן די אַרבעטער זייער אַרבעט. קריגן באַצאָלט, נעמען צו די שערן און פאַרלאָזן שטיל דעם שאַפּ. די ווענט ווערן גרויער, די פענצטער טונקעלער. די מינוטן ציען זיך לאַנגע, און די פינגער, פאַרפרוירענע, ווילן ניט ענדיקן די לעצטע פּאָר שטעך. לייזער איז דער לעצטער ביי דער מאַשין. ענדלעך איז אַלץ פאַרענדיקט. די מאַשינען בלייבן שטיל. ווייט אין אַ ווינקל פאַרענדיקן די פּרעסערס זייער אַרבעט. מער איז שוין קיינער ניטאָ.

פּאַמעלעך בייט לייזער זיינע הויזן און שיך. ער וויקלט די אַרבעט־קליידער אין פּאַפּיר, גייט צו צו דער מאַשין און גלעט די קאַלטע שטאָל. ער גייט מיט לאַנגזאַמע טריט צום אָפיס נעמען די לעצטע פּאָר גראָשן. ער ווייסט, אַז גרינבערג איז דאָרטן דאָ. אָבער ער וויל אים מער ניט זען. אַ ביטערקייט גריזשעט זיין האַרץ. ער שאַרט זיך אַרויס דורך דער טיר און וואַרט ניט אַפילו אויף דעם עלעוויייטאָר. ער קריכט אַרונטער די שטיגן און ווערט פאַרשלונגען אין גאַס.

* * *

עס איז נאַכט. קיינער איז אין שאַפּ מער ניטאָ. פון דרויסן רינט אַריין דאָס ליכט פון אַ גאַסן־לאָמפּ. די מאַשינען זיינען פאַרדעקט מיט ווייסן, אין די ווינקלען שושקען זיך די שאָטנס. דער לעבעדיקער אָטעם איז פאַרשוואונדן. אַ טויטע, פאַרגליווערטע שטילקייט וויגט זיך צווישן די ווענט.

דער שאַפּ איז געשטאָרבן!

# דזשעקסאָן

ווען דזשעקסאָן האָט אָפּגענומען דעם בריוו פון פּאָסט, האָט ער אים באַלד ניט געעפנט. ער איז אַ פּאָר מינוט געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן אַ שטיינערנעם פּאַרקאַן, פאַרמאַכט די אויגן, און געטראַכט וועגן זיין שטעטל, וואָס רוט אין דעם זוניקן טאָל פון קענטאָקי. ער האָט אָפּגעווישט מיט דעם שמוציקן אַרבל די שווייס פון זיין פּנים, דערנאָך געעפנט פּאַמעלעך דעם בריוו. זיין הויכער קערפּער האָט זיך איינגעבויגן, די נאָזלעכער געוואָרן ברייטער, די אויגן ליכטיקער. אַ גרוס פון זיין היים, פון די ברייטע פעלדער, וועלכע זוניקן זיך ביי די ברעגן פון טייך.

קוקן זיינע אויגן אין בריוו, וויגט זיך זיין קערפּער הין און צוריק. דריקט ער די פויסטן צוזאַמען! „גאָט!” און פון זיין נאַכטיקן פּנים שפּאַרן זיך דיקע טראָפּנס שווייס, די אויגן ווערן באַצויגן מיט טרערנדיקע הייטלעך. נעענטער בייגט ער אַרונטער זיין קאָפּ צום בריוו, נאָר איצט זעט ער גאָרניט! איצט רוישט ניט מער די שטאָט. זוניקע פעלדער שפּרייטן זיך. עס טוליען זיך בוימער איינע צו די אַנדערע. איצט הענגט דאָרט זיין טאַטע! וויגט דער ווינט דעם קערפּער הין און צוריק, זינגט דער ווינט פון די בערג אַראָפּ! שפּרייט זיך דער בלויער הימל איבער דער גרינער ערד, יאָמערן זיין מאַמע מיט זיינע שוועסטער און ברידער — ווי היענעס. איז בלוי דעם טאַטנס פּנים פון אונטער דער שוואַרצער הויט. טויט! — די ווייסע האָבן די שטריק פאַרצויגן, געשלעפּט דעם טאַטן ווי אַ פּגר. טויט! אַזוי שטייט אין בריוו. יאָמערט דזשעקסאָנס האַרץ, ווי דער יאָמער פון זיין מאַמען אונטער דעם הימל פון קענטאָקי.

דזשעקסאָנס אַלע וועגן פירן אַהין, צו קענטאָקי. איצט וועט ער אין דער „איסט” מער ניט זיין. ער מוז גיין צוריק אַהין. דזשעקסאָן פילט די מידקייט פון שווערע יאָרן. צוואַנציק מידע יאָר פלאָנטערן זיך אין אים. וואָס פאַר אַ הינטיש לעבן! וואו איז גאָט? פאַרוואָס שוויגט ער אין די

מינוטן פון זיין בויט? פאַרוואָס לאָזט ער פייניקן זיינע קינדער? — און פאַרוואָס איז אַזוי גאַליק זייער לעבן, ווי עס איז שוואַרץ זייער הויט? פאַרוואָס? פאַרוואָס? פאַרוואָס?...

עס איז אָנגעקומען די נאַכט. דזשעקסאָן האָט זיך אַוועקגעזעצט אונ־טער אַ קאַשטאַן־בוים, מיד אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן די הענט. ער איז געזעסן, זיך געוויגט הין און צוריק און ניט געקענט אַרויסשרייען זיין ווייטיק. ער האָט זיך געלייגט מיטן פּנים צו דער ערד, צוגעדריקט זיין האַרץ, זיך געגראָבן מיט די פינגער אין זיין לייב; נאַכט־ווינטן האָבן זיך צעשריען איבערן פעלד, און דזשעקסאָן — „ניגער דזשעקסאָן" — האָט געוואָיעט ווי דער ווינט, און די נאַכט האָט געהערט און געשוויגן.

* * *

דזשעקסאָן איז געבוירן געוואָרן מיטן שטויב פון רויכיקע קוימענס אין זיינע נאָזלעכער. זייער הויז איז געווען האַרט ביי דער פאַבריק. ווייטער פון זייער הויז האָבן זיך געצויגן קרומע געסלעך, וואו דער אומעט האָט געוואוינט. אַ שווער גרויליק לעבן איז עס געווען, שווער ביז פאַרצווייפלונג.

אין דער פרי האָבן די פאַבריקן געקלונגען געטראָפן. געדרעוועט איבער די גרויע ביידלעך. טאַטע, מאַמע, קינדער — אַלע אין פאַבריק. נאָר די קליינע קינדער וואַלגערן זיך הפקר ביי די הייזער, בלאָנדזשען אין די קרומע גאַסן. נאָר די אַלטע בלייבן אין שטעטל זיצן אין דרויסן, רויכערן קאָרן־ליולקעס און דרימלען.

שבת פאַרנאַכט קלייבן זיך די מענטשן צוזאַמען אין דרויסן. זונטיק איז רו־טאָג. געלויבט איז יעזוס פאַר דעם הייליקן טאָג! די אַלטע ריידן מיט בענקשאַפט וועגן דעם אַמאָל. זיי זיינען אַמאָל געקומען פון אַ פרעמד ווייט לאַנד. דער אַלטער „זאקאל" שפּאַרט אונטער די מאָרדע אָן זיין האַנט און דערציילט. אַלע איבעריקע שווייגן. ווייל „זאקאל" ווייסט אַלץ! זיינע יאָרן זיינען אַזוי פיל, אַז קיינער קען זיי ניט ציילן. ער איז געווען פאַר אַלעמען, און ער וועט זיין, ווען אַלע וועלן פאַרגיין.

זאקאל דערציילט וואונדערלעכע זאַכן. די קינדער זיצן מיט אָפענע מיילער און שלינגען די ווערטער. די עלטערע שאָקלען מיט די קעפּ, ביי די ווייבער בליצן די אויגן. אַמאָל איז געווען...

„אַמאָל זיינען מיר געווען אַ פריי גרויס פאָלק. בראַווע קינדער פון זולו־לאַנד! די וועלדער האָבן פאַר אונדז די וועגן אָפן געלאָזן. די פעלדער

האָבן אונדז מיט זייער גרינקייט געררופן! מיר זיינען געווען פלינקער ווי דער הירש! שטאַרקער ווי דער עלפאַנט! פריי ווי דער ווינט! זיינען מיר צו שטאָלץ געוואָרן. זיינען געקומען די ווייסע און ווי טויטע וואָראָנעס אונדז אַוועקגעשלעפּט מיט זיך אין פרעמדע לענדער. שקלאַפן פון אונדז געמאַכט, געבראָכן אונדזער שטאָלץ, געבויגן אונדזערע קעפּ! אַך! ווען וועט אונדז פאַרגעבן דער גרויסער גייסט? אומקערן צוריק אַהיים, באַ־פרייען!״ — אַזוי דערציילט זאקאל, און אַלע קרעכצן און בענקען נאָך יענע טעג.

דזשעקסאָן איז געווען אַ שטאָלץ ייִנגל. מיט די איבעריקע קינדער האָט ער קיינמאָל זיך ניט געשפּילט. ער האָט ליב געהאַט בלאָנדזשען ווייט פון שטעטל צווישן די בערג, קריכן אין די טיפע היילן, טרוימען וועגן אָרגאַניזירן אַ באַנדע, באַפאַלן די ווייסע, אַוועקנעמען אַלץ פאַר זיך! דער־נאָך נעמען אַ שיף, אַוועקפאָרן אין די ווייטע לענדער, צו די וועלדער פון זון. ער וויל ניט, אַז די פאַבריק זאָל פאַרשלינגען זיינע טעג. ער וויל ניט בויגן דעם קאָפּ פאַר די „ווייסע שמוץ״!

און אַזוי פלעגט ער ריידן צו די קינדער, און זיי פלעגן לאַכן פון אים. „ווייסט ער ניט, אַז די ווייסע זיינען אַזוי שטאַרק ווי די פעלזן? ווייסט ער ניט, אַז אויב זיי ווילן, וועלן זיי פאַרמאַכן די פאַבריקן, און זיי וועלן אַלע אויסשטאַרבן פון הונגער?! אַזוי האָבן זיי אַליין געהערט פון פריי־דיקער, אַזוי וויל גאָט! די ווייסע האָט גאָט אויסדערווילט צו זיין די „לאָרדס״, פונקט ווי זיי האָט ער אויסדערווײלט צו אַרבעטן און לעבן אַן אָרעם לעבן״.

דזשעקסאָן האָט אַנדערש געטראַכט. נאָר אַ פּאָר פון די קינדער האָבן מיט אים שטילערהייט איינגעשטימט. מיט אים איז אויך געווען דאָס מיידל פון דעם צווייטן הויז, מיימי, מיט שוואַרצע ליכטיקע אויגן, און ער פלעגט פאַר איר אַלע חלומות אויסזינגען.

* * *

און דזשעקסאָן געדענקט אַ סך שווערע טעג. ווי אַלט ער איז דעמאָלט געווען, געדענקט ער ניט, נאָר וואָס איז דער אונטערשייד? ער געדענקט אַ פאַרנאַכט. ער זעט דעם צעגליטן הימל. צוויי נעגערס פירן ענדריון דורך דער הויפּט־גאַס. די קינדער לויפן נאָך. צוויי ווייסע פּאָליציאַנטן גייען פון הינטן. דער פאָרמאַן פון פאַבריק, אַ דאַרער, מיט שטעכיקע

אויגן, מיט לאַנגע אויערן שמייכלט בייז. ענדריו שוויגט, נאָר די אויגן טונקען זיך אין פּיין. מען לייגט אים אויף דער ערד, מיטן פּנים אַרונטער. צוויי נעגערס האַלטן די הענט און פיס, צוויי אַנדערע שטייען מיט באַמבו־שטעקנס. דער פאַרמאַן בייזערט זיך. „נו, שנעלער, שוואַרצע הינט!״ — עס הויבן זיך און פאַלן די שטעקנס איבער ענדריוס יונגן לייב! „שטאַר־קער, הינט! שטינקענדיקע נעגערס! שטאַרקער!״ דער פאַרמאַן שמייכלט. ענדריו שרייט ניט. גיט ניט קיין קרעכץ. גראַבט איין דאָס מויל אין דער ערד. נאָר דער קערפּער צאַפּלט זיך פון פּיין. דאָס לייב איז צעריסן. רויט בלוט אויף שוואַרצן לייב. דערנאָך לאָזן זיי אים אַליין אויפן פעלד. ענדריו רירט זיך ניט, דער קערפּער אַ פיבערדיק שטיק פלייש. די נעגערס צעלאָפן. די קינדער, דערשראָקענע, באַהאַלטן זיך אין די הייזער. נאַכט. שטילקייט...

דזשעקסאָן ברענגט קאַלט וואַסער, וואַשט ענדריוס לייב. ענדריו עפנט די פיבערדיקע אויגן, שמייכלט מיט די פאַרברענטע ליפּן, דריקט דזשעקסאָנס האַנט. „גיי אַהיים״ — זאָגט ער, — „איך וויל זיין אַליין!״ דזשעקסאָן שפּאַנט אַ מידער, אַ צעוויטיקטער אַהיים, זיינע אייגענע ברידער, ווערים, אַ קלאָג נאָך זיי! ער ווייסט ניט וואָס ענדריו האָט געטאָן. זיי זאָגן ער האָט באַליידיקט אַ ווייסע פרוי — נו איז וואָס? — פאַרוואָס מעגן זיי באַליידיקן, שפּייען אויף נעגערס? פאַרוואָס מעגן זיי??!

דזשעקסאָן גייט ניט אַהיים. ער איז שוין צוועלף יאָר. באַלד וועט אים די פאַבריק פאַרשלינגען. און וואָס ווייטער? אומעט. אַך, ווי גיך נעגערס ווערן אַלט! ער גייט צום פעלט וואו ענדריו איז, אים ציט אַזוי, ס׳וויינט דאָס האַרץ. ער שטייט באַהאַלטן הינטער אַ בוים. ענדריו ליגט אַליין, פאַרגייט זיך אין געוויין. כליפּעט, ווי דאָס האַרץ וואָלט ביי אים געשטאָרבן... פלאָנטערט זיך די נאַכט צווישן בערג, שטייען די ביימער פאַרגליווערטע. גייט דזשעקסאָן אַהיים, קען ער זיין צעוויטיקט האַרץ ניט שלעפּן. בלייבט ער שטיין אין פעלד אַליין. שטייט אויף די קני. „גאָט, פאַרוואָס? וואו איז דיין ליכט? וואו איז דיין צאָרן?״ נאָר דער הימל איז שטום. גאָט הערט ניט דעם געבעט פון נעגערס. זיי זיינען פאַרשאָלטן אַפילו פון גאָט...

דערנאָך אין פאַבריק. דאָרט וויגט זיך דזשעקסאָן צו דעם געזאַנג פון די רעדער. ווערן זוניקע טעג פאַרשלונגען. די פאַבריק רוישט, קלאַפּט.

אומענדלעכע מאָנאָטאָנישקייט! איצט איז ער שוין אויפגעוואַקסן, האָט ברייטע פּלייצעס. שוין דערגרייכט דאָס זיבעצענטע יאָר. גאָט, וועט ער טאַקע אַזוי פאַרגיין?.. וועט די מאָנאָטאָנישקייט אים פאַרשלינגען? וועט דער אומעט קיינמאָל ניט פאַרלאָזן? אַ סך מאָל שפּאַצירט ער צו דעם פעלד וואו זיינע ברידער רוען. אומעטום קברים. צו וואָס געלעבט, צו וואָס געשטאָרבן? וואָס פאַר אַ זין האָט עס?...

* * *

ווייטער יאָרן אַוועק. איצט חלומט דזשעקסאָן וועגן בויען אַ היים. מיימי האָט זיך צעבליט ווי אַ קאַרשן־בוים. איצט וועט זי ווערן זיין ווייב. און די קינדער וואָס זיי וועלן געבוירן, וועט ער לערנען ניט צו בייגן זייערע קעפּ פאַר די לאָרדן. די קינדער וועלן זיין שטאָלצע מענטשן! ער וועט זיי שיקן לערנען, זיי וועלן ברענגען ליכט זיינע ברידער. פרייע מענטשן, פּונקט ווי ס'איז אַמאָל געווען זייער שטאַם, ווי זאַקאַל דערציילט.

אָבער פאַרוואָס איז מיימי אַזוי אומעטיק?..' עס מוז זיין די מיידלשע בענקשאַפט אַ ווייב צו ווערן. — אַזוי האָט דזשעקסאָן געטראַכט. ווי אַנדערש האָט ער דאָס געקענט פאַרשטיין? גייען זיי ביידע פון קירך אָנפאַנג יוני, לאַכט דער הימל מיט פרייד, זינגען די בערג אין בלויקייט פאַרהילן, שטאַרבן די לעצטע גלעקער־קלאַנגען פון דער ווייטער שטאָט אויפן באַרג, קנעבט און לאָרדן בעטן צו איין גאָט — און ווי קען דאָס זיין? נאָר טראַכטן קיין סך קען ער ניט. מיימי האַלט זיין אָרעם. ווי שלאַנק זי איז! לעצטנס ווערט איר קערפּער פולער. אין איר רופט די פרוי! דער קערפּער בענקט נאָך קינדער, איר לייב נאָך דעם מאַן! „גאָט", זאָל זייער פרייד אָנהאַלטן! זיינע לאַנגע אָרעמס קנייטשן זיך מיט פּראַצע. אפשר וועט ער אַליין אַמאָל קענען אַ ווינקל מאַכן אונטערן הימל.

* * *

מיימי איז קראַנק, ליגט אין בעט אַ שטומע, קוקט אין ווייטקייט. די מאַמע, אַ שווערע נעגערטע, קוקט פאַרדעכטיק אויף איר, שעלט איר לייב. אַ גאַנצן טאָג זיינען אַלע אין פאַבריק און זי איז אַליין. ליגט זי, כליפּעט אין דער שטיל. אַ לעבן צאַפּלט זיך אין איר קערפּער, אַ פאַרשאָלטן לעבן. וואָלט זי ניט געוועזן געבוירן ווערן. פאַרוואָס איז זי ניט דערשטיקט געוואָרן ביי דער מאַמען אין בויך! וואָס וועט איצטער זיין? פאַרוואָס איז זי ניט אַריינגעשפּרונגען אין טייך און געענדיקט איר פינצטער לעבן?

אַ קינד פון אַ ווייסן „לאָרד״! אַ קינד, וואָס ברענט מיט האַס אין איר לייב. שבת איז זי געבליבן לענגער אין פאַבריק. אַזוי האָט דער פאָרמאַן געהייסן. שפּעטער איז קיינער ניט געווען. די מאַשינעס שוין פאַרגלי־ווערט אין שווייגן.

אין זיין קאַבינעט האָט ער זי גערופן. דערנאָך איר געהאַלטן אין זיינע שטאַרקע אָרעמס. זי האָט זיך אַפּילו ניט געווערט. געווען צעשראָקן און צעמישט פון ווייסן לייב נאָענט פון איר קערפּער. איר נעגער־בלוט האָט געברענט ווי זודיק בליי! איר לייב איז געווען ווי אַ טרוקן פעלד, וואָס קען זיך ניט אָנטרינקען צו זאַט! איצט קוקט די מאַמע מיט קרומע אויגן. די מאַמע פאַרשטייט — וואָס וועט איצט זיין? ווי איז איר לעבן! איצט שפּרייט זיך האַס אין איר בלוט! איצט רייסט זיך אַ לעבן אין איר לייב, און וואו זאָל זי אַנטלויפן און באַהאַלטן איר ווייטיק?

און דזשעקסאָן, דער נאַר, האָט דאָס באַטראַכט פאַר מיידלשע קאַפּריזן. פלעגט ער ווי דאָרשטיקער זיך איינזויגן אין אירע פולע ליפּן. האָט אַ נייער פיבער פאַרצערט איר לייב! דערנאָך שלאָפלאָזע נעכט. דער מאַמעס בייזע אויגן האָבן מיט בייטשן געשניטן איר לייב. האָט זי איינמאָל ביי־נאַכט, ווען די לבנה האָט געצויבערט איבער די קרומע הייזער פון שטעטל, ווען דער ווינט איז געלעגן פאַרגליווערט אויף די בערג, ווען די שאָטנס זיינען געלעגן אויסגעשפּרייט מיט נאַכט־מידקייט אויף די פעלדער — אין אַזאַ נאַכט האָט זי אָנגעשריבן דזשעקסאָנען אַ בריוו, אים דערציילט פון אַלץ; דערציילט, אַז זי גייט דערשטיקן דאָס לעבן, וואָס שפּאַרט זיך אין איר קערפּער. דערנאָך האָט זי מיט שטילע טריט פאַרלאָזט דאָס הויז.

מיימי איז געגאַנגען צום פעלז אויפן באַרג, איבערן שטראָמיקן טייך. ענדלעך דערגרייכט. אונטן רוישן די וואַסערן. אויבן טונקט זיך בלויקייט אין ווייס־גרויען זילבער. רעכטס דאָס שטעטל, טויט און שאָטנדיק. העכער די ווייטע „לאָרדן״, די הערשער פון לעבן!... קיין ווינט איז ניטאָ שטילקייט... אַזאַ אומעטיקע שטילקייט. גאָט בעטן? צו וואָס? צו וועמען? צו וואָס האָט ער איר געגעבן דאָס לעבן?

קעלט פרירט איר רוקן „גאָט, זי וויל ניט שטאַרבן!״ זי ווישט די אויגן, די טרערן ברענען איר לייב, די נאַכט שפּאַרט זיך אַרום איר, וויקלט זי איין. פון באַרג שיינט ליכט. פון טאָל פינצטערניש. די פאַבריקן מיט

די הויכע קוימענס לאַכן אין דער נאַכט. שטאַרבן! זי פאַרמאַכט די אויגן. שוואַרצע שאָטנס שוועבן פון פעלד, שוואַרצע נאַכט. אַ געשריי! שטיל־קייט — טויט!

* * *

דזשעקסאָן איז דריי טעג געלעגן אין הויז. ער האָט ניט געוויינט, ניט געשריען, נאָר זיך געראַנגלט מיט זיין ביטערניש. ביינאַכט איז ער געזעסן אין דרויסן ביים הויז און געקוקט צום פעלד, וועלכער הענגט איבערן וואַסער. אויפן פערטן טאָג איז ער אַוועק פון הויז. אַ פאַרגלי־ווערטע מידקייט האָט שווער געמאַכט זיינע גלידער. די הענט האָבן ליימיק אַראָפּגעהאַנגען צו דער ערד. די אויגן נאָר האָבן פיבערדיק זיך גע־צונדן.

אַ גאַנצן טאָג איז ער געווען באַהאַלטן אין אַ הייל. פאַרנאַכט האָט ער זיך ווי אַ חיה אַרויסגערוקט, געוואַרט שטיל ביז די זון איז פאַרגאַנגען. אַ העלע נאַכט האָט אָנגעצונדן דעם הימל. אַ ווינט האָט זיך צעזונגען איבער דער ערד. דזשעקסאָן איז געלעגן באַהאַלטן אויפן וועג, וואָס פירט צום באַרג. ער האָט געוואוסט, אַז דער פאַרמאַן וועט באַלד פאַרבייגיין. די מינוטן האָבן געגליווערט זיין בלוט! פון דער ווייטנס האָט ער געהערט יענעמס זיכערע טריט. דזשעקסאָן האָט לענגער אויסגעצויגן זיינע אָרעמס, די פינגער האָבן זיך ווי שלאַנגען געבויגן.

יענער איז געגאַנגען אַ רואיקער, אַ זיכערער, ווען דזשעקסאָן האָט זיין האַלדז אַריינגעכאַפּט אין זיינע הענט. יענער האָט זיך געוואָרפן. געוואָלט שרייען, נאָר דער צונג איז געבליבן הענגען ווי אַן אָנגעשוואָלן שטיק פלייש. דאָס פנים בלוטיק רויט, דערנאָך בלוי. דזשעקסאָן האָט ווי מיט קלאַמערן געדריקט דעם האַלדז. עפּעס האָט זיך אַ בראָך געטאָן. יענער האָט זיך מער ניט געצאַפּלט, נאָר איז געבליבן הענגען אין דזשעקסאָנס ריזן־הענט מיט אַרויסגעשפּאַרטע אויגן און צונג.

ווי אַ פּגר האָט אים דזשעקסאָן געשלעפּט צו דער הייל. אַ ווילדער געלעכטער האָט זיך געריסן פון אים. ער האָט געוויינט און געלאַכט צו־זאַמען; ער האָט די ווייסע בעסטיע אַריינגעוואָרפן אין הייל, אַ שפּיי געטאָן דעם פּגר אין פּנים און איז אַוועק אַהיים. ער האָט געזאָגט דעם טאַטן, אַז ער פאָרט „איסט", ברייוו שיקן „דזשענעראַל דעליווערי". דער טאַטע האָט אים שווייגנדיק געדריקט די האַנט. די מאַמע האָט געווישט מיטן

פאַרטוך די אויגן, די שוועסטער האָט געכליפּעט אין אַ ווינקל פון הויז. ער איז שנעל אַוועק. דערגרייכט „איסט"! איז וואָס ווייטער?...

אָט איז ער אַליין אין פעלד. פון דער ווייטנס שפּיגלען זיך די אייזנבאַן־רעלסן, ששניידן די לופט מיט זייער שטאָלענעם גלאַנץ. דזשעקסאָן זעט אויפן פעלד שאָטנס פון זיין טאַטנס קערפּער, זיך וויגנדיק פון אַ הויכן בוים: געשטאָרבן פאַר אים! מען האָט דעם פּגר פון הייל אַרויסגע־שלעפּט, און די ווייסע לאָרדן האָבן נקמה גענומען פאַר זייער שטאַם. דער טאַטע צאָלט פאַר די קינדער, די קינדער פאַר די עלטערן! זייער גאַנצער שטאַם איז פאַרשאָלטן פון הימל און ערד! גוט וואָס ער האָט דעם „לאָרד" דערשטיקט. אַ צאָן פאַר אַ צאָן, אַן אויג פאַר אַן אויג! בלוט פאַר בלוט!

נאָר דאָס האַרץ טוט פּיינלעך ווי. ניטאָ מער וואָס צו טאָן מיט זיין לעבן. פאַרשאָלטן זאָלן זיין הימל און ערד! פאַרן בלוט פון זיין שטאַם, פאַרן בלוט פון זיינע ליבסטע.

דזשעקסאָן הערט ווי פון דער ווייטקייט סאָפּעט אַ באַן, טראָגן זיך מענטשן ערגעץ אין די ווייטע ווייטקייטן. צו וואָס? מיד איז ער, דאָס לעבן אָטעמט מיט גרויקייט. עס שטיקט אים אַ געלעכטער. דזשעקסאָן לאַכט פון הימל, לאַכט פון זיין פּיין. ער גייט נענטער צו די רעלסן. ער שטייט און קוקט אויף זייער שטאָלענער האַרטקייט. פון דער ווייטן לויפט אימפּעדיק די באַן, דער לאָקאָמאָטיוו קלאַפּט שטאָל אַן שטאָל. „נענטער מיין גאָט צו דיר". דזשעקסאָן ווישט מיט דער האַנט די טרערן. נאַכט שוואַרצקייט יאָגט זיך איבער די פעלדער, פייפט דער ווינט דעם טויט אויס, רייסט זיך שנעלער די באַן, רייסט שטיקער פלייש פון דזשעקסאָנס קערפּער. שוואַרצע נאַכט. שוואַרצע לייב. ליגט דזשעקסאָנס קאָפּ אָפּגעריסן פון קערפּער, שפּאַרט זיך בלוט פון די אויגן. די ווייסע ציין לאַכן פון הימל, לאַכן פון לעבן, און די אויגן וויינען בלוטיק פאַר גאָט!

# מילים טויט

מילי האָט זיך באַקלאָגט, אַז איר איז קאַלט, האָט פּיטער זיך צוגעאײַלט און געמאַכט אַ פײַער פון טרוקענע צווײַגן און בלעטער. מיר זײַנען געזעסן אויף דעם פאַרגעלטן גראָז און זיך ניט גערירט. מידע פון דעם לאַנגן וועג צו־פוס, זײַנען מיר געווען צופרידן צו זיצן אָנגעשפּאַרט אָן בערגל און זיך טײלן מיט דעם ביסל שפּײַז, וואָס מיר האָבן נאָך געהאַט.

מילי איז געזעסן אויף אַ פלאַכן שטײן, די אויגן פאַרמאַכט, און שווער געאָטעמט. איר פּנים איז געווען בלאַס, די ליפּן פאַרשטײפט פון ווייטאָג. מיר זײַנען געזעסן שווײַגנדיקע און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן פאַר איר. מיר האָבן געוואָלט הערן וואָס פּיטער וועט זאָגן. ער איז געווען דער עלטסטער. די איבעריקע זײַנען נאָך געווען ייִנגלעך און אומבאַהאָלפן. איך בין שוין געוואָרן בײַנצן. טים איז נאָך געווען ייִנגער. איז מער ניט געבליבן ווי מײַק און פּיטער. זײ בײדע זײַנען געווען די עלטסטע צווישן אונדז. מײַק איז געווען אַ טרוימער. זײַנע בלויע אויגן האָבן אַלע מאָל געקוקט אין די ווײַטקײטן, ווי ער וואָלט געזוכט צו לײזן אַ רעטעניש דאָרטן.

דאָס פײַער האָט זיך צעפלאַקערט. פּיטער איז געשטאַנען אויף די קני לעבן מילין. זי געבעטן צוגײן נאָענטער צום פײַער. ווען זי האָט זיך ניט גערירט, האָט ער זי גענומען אין זײַנע אָרעמס און אַוועקגעזעצט אויף דעם גראָז, געגלעט אירע האָר און גערעדט צו איר: „רו, מײַן קינד, רו". איך האָב קײנמאָל ניט געהערט זײַן שטימע זאָל קלינגען אַזוי צאַרט. מילי האָט זיך אַוועקגעלײגט מיט איר געזיכט אַראָפּ און זיך צעכליפּעט.

פּיטער האָט מיך געשיקט ברענגען וואַסער. ווען איך בין צוריקגע־קומען, האָט ער עס אַרײַנגעגאָסן אין אַ גרויסן טאָפּ און אַרײַנגעשטעלט אין פײַער. דערנאָך זיך אַוועקגעזעצט לעבן אונדז און אַ בורטשע געטאָן: „מען וועט דאַרפן דאָס הייסע וואַסער". ער האָט זיך פאַרקוקט אויף דעם פעלד, וואָס האָט זיך געצויגן ביז דעם האָריזאָנט. עס איז געוואָרן טונ־קעלער, די וואָלקנס אײַנגעטונקט אין פלאַמען. דער אָונט האָט אַרונטער־

גענידערט פון הימל. די שטילקייט האָט זיך געוויגט צווישן די בערג און פאַרשפּרייט אַ מעלאַנכאָליע.

פּיטער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיליק. דערנאָך אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו אונדז: „מען מוז עפּעס טאָן! מען קען זי אַזוי ניט לאָזן. גאָט ווייס וואָס די נאַכט קען ברענגען!" מיר האָבן געשוויגן. מייק האָט שטיל גע־פרעגט. „פאַרוואָס איז מילי אַנטלאָפן פון דער היים?"

„איך ווייס ניט", האָט פּיטער בייז געענטפערט. „זי איז נאָך אַ קינד! — וואָס מאַכט דאָס אויס ווער זי איז, אָדער פון וואַנען זי קומט?..."

טים האָט זיך צעשריען, אַז דאָס וואַסער לויפט אויס. פּיטער האָט גענומען אַ גלאָז, אַריינגעגאָסן פרעזערווירטע מילך, צעמישט עס מיט הייס וואַסער, זיך איינגעבויגן איבער מילין, זי גערופן מיט אַ שטיל קול: „קינד מיינס, קינד מיינס." ער האָט זי געהאָלפן זיך אויפזעצן. טרערן זיינען גערונען איבער אירע קינדערשע באַקן. לאָקן פון אירע האָר זיינען אַרונטערגעהאַנגען אויף איר שטערן. עס האָט מיר פאַרקלעמט דאָס האַרץ און איך האָב אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ.

מיר האָבן געטראָפן מילין אויף אַן איינזאַמען וועג, וועלכער האָט געפירט צו דער ווילדערניש. זי איז געלעגן און האָט היסטעריש געכליפּעט. מיר האָבן זי געטראָגן ביזן באַרג. פּיטער האָט געוואוסט פון דעם וואַלד, וואו וואַגאַבונדן קומען זיך צוזאַמען און טיילן זיך מיט זייער שפּייז. ער האָט געוואוסט פון שטראָם וואַסער ווי קרישטאָל, וואָס פאַלט פון די בערג; אַז עס זיינען דאָרטן דאָ פּלעצער, וואו מען קען זיך באַשיצן פון רעגן און ווינט.

מייק האָט איבערגעשלאָגן מיינע געדאַנקען. ער איז געווען זייער ווייך און ווייט: „אונדזער לעבן איז ווי די טייכן, ניט וויסנדיק שטראָמען זיי צו זייער באַשטימטן ציל. אַלץ וואָס מיר טוען איז שוין לאַנג באַשטימט פון גורל. אָן דער פירנדיקער האַנט זיינען מיר ווי בלינדע, פילנדיק אונדזער וועג, וועלכער פירט אין ערגעץ ניט."

פּיטער האָט אַרויסגערופן מייקן. די גאַנצע געשיכטע מיט מילין האָט מיך שטאַרק דערשיטערט. עס איז אַלץ געווען אַזוי אומפאַרשטענדליך. אַ יונג מיידל אויף אַ פאַרלאָזענעם וועג...

אַן אָוונט אין האַרבסט. אַ שטילקייט ווי די ערד וואָלט פאַרגליווערט

געוואָרן. דער הימל איז אויסגעפאַרבט מיט פלאַמען פון דעם טאָג־אונטער־גאַנג. און באַלד האָט דער אָוונט זיך אויסגעבלייכט. די שטערן האָבן זיך באַוויזן אין הימל און ביי מיר אַרויסגערופן אַ מיסטעריעזן געפיל.

טים האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר און מיר דערציילט די געהיימעניש פון מילין. ער האָט אונטערגעהערט אַ געשפּרעך פון פּיטערן און מייקן און ער ווייס שוין אַלץ.

„מילי גייט צו קינד! זי האָט ניט געקענט עס פאַרטרויען איר פאַמיליע. ניט געהאַט דעם מוט זיי דערציילן ווי ס'האָט פּאַסירט, זיך געשראָקן און געשעמט פאַר מענטשן. איז זי אַוועק פון הויז און זיך אַרומגעוואַלגערט דאָ און דאָרטן ביז מיר האָבן זי געפונען."

איך האָב געקוקט אויפן פייער, אויף די פלאַמען, וואָס האָבן געטריבן די פינצטערניש פון זיך. איך האָב געזען ווי מילי ליגט אויף דעם גראָז. פּיטער איז באַוועגלאָז געשטאַנען אין זיינע צעריסענע קליידער. מיטאַמאָל איז די שטילקייט פון דעם זון־פאַרגיין איבערגעבראָכן געוואָרן. דאָס גראָז און דיביימער האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן; אַ ווינטל האָט אָנגעהויבן שושקען און זיך רייסן דורך די צווייגן. אַן אָטעם פון לעבן, פון באַוועגונג האָט אָנגעפילט די נאַכט.

מיר זיינען געשטאַנען אַרום דעם פייער. פּיטער, דער העכסטער צווישן אונדז, האָט געקוקט אין דער נאַכט אַריין און גערעדט מיט אַ פאַרשטיקטער שטימע. דערנאָך איז ער שטיל געוואָרן, די ליפּן האָבן זיך באַוועגט, אָבער קיין ווערטער זיינען ניט אַרויסגעקומען. דער שניט אויף זיין לינקער באַק ביז דעם האַלדז איז געווען פלאַמיק רויט. זיינע אויגן זיינען געווען טיף און שיינענדיק. און ווען די ווערטער זיינען געקומען פון זיינע ליפּן, זיינען זיי געווען שאַרף און שניידנדיק. „איינער פון אונדז מוז לויפן צום שטעטל אויף דער צווייטער זייט באַרג". ער האָט מיט דער האַנט אַוועקגעשאַרט די האָר פון שטערן: „מיר מוזן קריגן הילף פאַר מילין! אויב ניט!..." ער האָט ניט פאַרענדיקט די ווערטער. מיר האָבן אַלע פאַרשטאַנען. ס'איז ניט געווען וואָס צו ריידן...

טים איז געווען דער, וואָס איז געגאַנגען אין שטעטל. ער איז געווען באַקאַנט מיט דער געגנט. מיר זיינען געשטאַנען שווייגנדיקע ביז די נאַכט האָט טימען פאַרשלונגען. יעדער האָט געטראַכט זיינע געדאַנקען. אָבער אַלע — צי וועט מען ברענגען הילף אין צייט?... מיר האָבן ניט געקוקט

איינער אויף דעם אַנדערן. מילי איז אַנטשלאָפן געוואָרן. פון גרויסן ווייטאָג און מידקייט איז זי געוועזן פאַרגליווערט. מען האָט נאָר געזען אַ קערפּער אָן באַוועגונג. די לבנה האָט געשיינט מיט שטראַלן פון בלייכן זילבער. אַלץ האָט פאַרלאָרן די רעאַליטעט, אַלץ איז געוואָרן גראָטעסק און צעקרימט.

מיר זיינען געזעסן אַרום פייער און געוואַרט און געוואַרט. מייק האָט עפּעס געזאָגט, נאָר זיין שטימע איז געווען פאַרשטיקט און עס איז געווען זייער שווער צו הערן זיינע ווערטער. דער אויסדרוק פון זיינע אויגן האָט מיך געבריט ביז צו טרערן, פאַרשיידענע געדאַנקען האָבן מיך געמוטשעט. דערהויפּט: דער זין פון לעבן און די מיסטעריע פון טויט.

מייק האָט געקוקט אויפן פייער און געזאָגט: „עס איז געווען אַ זומער־טאָג און איך בין געזעסן לעבן אַ טייך זיך אָפּצוקילן פון דער שטיקנדיקער היץ. די פליגן האָבן געזשומעט און מיך געמוטשעט. פון צייט צו צייט פלעג איך כאַפּן אַ פּאָר און לעבעדיקערהייט אַריינוואַרפן אין וואַסער. איך האָב געזען פיש וואַרטן און היטן מיין יעדע באַוועגונג. זיי פלעגן אַרויס־שפּרינגען פון וואַסער און כאַפּן די לעבעדיקע פליגן, וואָס האָבן זיך געריסן צו אַנטלויפן. זיי האָבן ניט אָנגערירט די טויטע. פּלוצלינג האָט אויפגעוואַכט אין מיר דער געדאַנק, אַז לעבן שפּייזט זיך מיט לעבן! אין דעם מאָמענט האָב איך געהאַסט די גאַנצע באַשאַפונג.

מיר האָבן אַלע געשוויגן. איך ווייס ניט פאַרוואָס?... אַמאָל האָסטו דעם געפיל, אַז ווערטער מיינען גאָרניט. די געדאַנקען זיינען ביטערע, און דו קוקסט אין דער גרויסער ליידיקייט און דו זעסט גאָר ניט. דו קענסט הערן ווי דאָס ווינטל זינגט דורך די גראָזן בענקענדיק נאָך אַ נייַ לעבן. ווייל ווען די בלומען בליען נאָך, זעט מען שוין סמנים פון טויט. מיטן אויפגיין ווערט געבאָרן דער אונטערגאַנג.

מייק האָט אָנגעהויבן זינגען איינס פון זיינע וואַגאַבונד לידער. ס'איז געווען פול מיט בענקעניש; אַז מען האָט פאַרמאַכט די אויגן, האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די טענער קומען פון זייער ווייט. עס איז געווען אַ געבעט פון אַן איינזאַם האַרץ, פון אַן אומרואיקן וואַנדערער, וועלכער קען ניט געפינען קיין רו. די ווערטער זיינען געווען אַ געשיכטע פון אַ לעבן: „מיין גאַנצן לעבן האַלט איך אין איין וואַנדערן. איך געדענק ניט דעם אָנהייב. עס איז שוין אַזוי לאַנג, לאַנג צוריק: איך בין אַזוי מיד און די ענדע איז נאָך ניט דאָ. אייביק וועט פירן דער וועג, נאָר וואוהין

ווייס איך ניט... איך האָב געפילט ווי פינגער פון אייז גליטשן זיך איבער מיין הייסן קערפּער, און מיין האַרץ האָט געוויינט.

מילי האָט זיך אומגעדרייט און איז געבליבן ליגן אויף דעם רוקן. אירע אויגן, שיינענדיק מיט פיבער, האָבן געקוקט אויף דער לבנה און דעם ווייסן באַזילבערטן הימל. זי איז געלעגן ווי פאַרגליווערט. בלויז אירע אויגן האָבן געוויזן סמנים פון לעבן. זיי האָבן זיך געטונקט ווי שטאַרבנדיקער פייער; דערנאָך האָבן זיך טרערן אָנגעהויבן שפּאַרן פון די אויגן, רינענדיק איבער אירע בלייכע באַקן און פאַלנדיק אויפן גראָז. איר פּנים איז געווען פאַרשטיינערט. איך האָב געפילט ווי אַ גרויסע עלנד־קייט וויקלט מיך איין, און כ'האָב געוויינט מיט איר.

מיטאַמאָל איז די שטילקייט פון דער נאַכט צעריסן געוואָרן פון איר אויסגעשריי. אַ רגע זיינען מיר געזעסן ווי פאַרגליווערט. דערנאָך נאָך אַ געשריי. אַ כריפּענדיקער געוויין, וואָס איז אַרויסגעקומען פון איר פאַרמאַכט מויל און פאַרשטשימעטע ציינער. איר קול האָט אָפּגעהילכט אין די בערג און דערגרייכט דעם הימל. דערנאָך, ווי איר קערפּער וואָלט צעריסן געוואָרן, האָט זי מיט אירע פינגער זיך איינגעגראָבן אין דער ערד. איר בויך האָט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ ווי כוואַליעס אין אַ שטורעם. איך האָב געפילט ווי צו אַנטלויפן הינטער די בערג, פאַר־שטאָפּן מיינע אויערן און זיך באַהאַלטן אין דער אייביקער שטילקייט. טרערן האָבן זיך געקייקלט איבער מיינע באַקן און געברענט מיין פּנים. מיין האַרץ האָט געוויטאָגט מיט אַ שרעקלעכן פּיין.

און מיטאַמאָל איז אַלץ פאַריבער. די שטילקייט האָט געאָטעמט מיט טויט... איך וואָלט געקענט שווערן, אַז די שטערן פון הימל זיינען געוואָרן פאַרפראָרן. אפילו דאָס שושקען זיך פון די נאַכט־שאָטנס האָט אויפ־געהערט. איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און זיך צוגעהאַלטן דעם קאָפּ. די גאַנצע ערד האָט זיך געטרייסלט אונטער מיינע פיס. מיין שטימע איז געווען פאַרפראָרן און מיין האַרץ פול מיט ווייטאָג און ביטערניש.

פּיטערס האַנט האָט אָנגערירט מיין אַקסל: „ברענג וואַסער פון קוואַל, זון!" האָט ער געזאָגט. מיט אימפּעט האָב איך זיך אויפגעהויבן און פּרובירט ניט צו קוקן אויף מילין. אָבער איך האָב ניט געקענט אָוועק־נעמען מיינע אויגן פון איר. זי האָט געקוקט אויף מיר, אויף מיין פאַר־טרערט פּנים און געשמייכלט. איך האָב קיינמאָל ניט געזען אַזאַ געזיכט

ווי אירס! אירע אויגן זייַנען געווען מילד ווי דער בלויער הימל. אירע ליפּן — פולע, מאַמישע, פריידיקע. עס איז מיר געוואָרן אַזוי גוט אויפן האַרצן, אַז כ׳האָב געפילט ווי צו קניען פאַר איר און זי קושן.

ווען איך בין צוריקגעקומען האָט מיך פּיטער אָפּגעשטעלט. „זי מיינט, אַז דו ביסט ער, דער טאַטע פון דעם אומגעבאָרן קינד. רייד צו איר, זון, — זי וועט לאַנג ניט זיין מיט אונדז״. ער האָט געקוקט אויף מיר און איז אַנטשוויגן געוואָרן.

איך בין געשטאַנען אויף די קני לעבן איר. זי האָט מיך גענומען פאַר דער האַנט און געערעדט אין איין אָטעם: „איך האָב געוואוסט, אַז דו וועסט צוריקקומען צו מיר! איך האָב געוואוסט, אַז דו האָסט אַ האַרץ פון גאָלד, אַז דו האָסט מיך ליב.״ אַ ביטערער שמייכל האָט זיך צעשפּרייט אויף איר געזיכט. זי האָט שווער געאָטעמט און מיט אַ כריפּען: „דערנענטער זיך צו מיר, געליבטער, נעם מיך אין דיינע אָרעמס״. איך האָב זיך איבערגעבויגן איבער איר און געקושט אירע פיבערדיקע ליפּן. איך האָב געוויינט אומפאַרשעמט, ווי אַ קינד.

מיטאַמאָל זייַנען אירע אָרעמס אַוועקגעפאַלן פון מיר. אַ ספּאַזמע האָט פאַרקרימט איר פּנים. אירע פאַרגלייזטע אויגן האָבן געקוקט אין דער ווייטקייט. די פינצטערניש איז געוואָרן געדיכטער. שווערע גרויע וואָלקנס האָבן פאַרדעקט די שטערן. אירע ליפּן האָבן זיך באַוועגט, נאָר קיין ווער־טער זייַנען פון מויל ניט געקומען. און ווען פּיטער האָט געקניט לעבן איר און אַ גלעט געטאָן אירע האָר, האָט זי אַפילו ניט געקוקט אויף אים. איר קערפּער האָט אַ שטאַרקן ציטער געטאָן: זי האָט זיך געטאַפּט דעם בויך און מיט אירע פינגער זיך איינגעגראָבן אין פלייש: „גאָט העלף מיר! גאָט העלף מיר!״

אין פרימאָרגן איז מילי געשטאָרבן. מיר זייַנען געזעסן שוויַיגנדיקע און געוואַרט אויף דער זון. מיר האָבן ניט געקוקט איינער אויף דעם אַנדערן. די נאַכט האָט ביסלעכווייז זיך אויסגעבלייכט און איז פאַרשוואונדן הינטער די בערג. די זון האָט געשיינט אויף דעם פרישן בערגל ערד. מיר האָבן זיך נאָכאַמאָל געגרייט אין וועג. דאָס ליכט האָט אַרונטערגע־שטראָמט פון די שפּיצן ביימער, פלעקן פון גאָלד האָבן געשימערט אויף דער פייכטער ערד, באַלויכטן יעדעס פּיצל גראָז. מיט די פּעקלעך אויף די פּלייצעס האָבן מיר נאָך אַ מאָל באַטראָטן דעם זאַמדיקן וועג.

# ביי די ברעגן פון האָדסאָן

איך האָב אַפילו ניט געוואוסט אַז ער איז אַ ייד. ניט אין אויסזען, ניט אין דער שפּראַך האָט מען דאָס געקענט פאַרדעכטיקן. זיין נאָמען איז געווען ביל שובאַק. ער איז געווען אַ היפּשער בחור, מיט קאָרענע האָר, ברוינע אויגן. זיינע אָרעמס זיינען געווען ריזיקע. דער פּנים פאַר־־ ברוינט ביז שוואַרצקייט. און אַז ער האָט געשמייכלט ,האָט מען געזען אַ מויל ווייסע ציינער, פון וואָס עס איז געוואָרן וואַרעם אין האַרצן.

ער איז געווען דער קאַפּיטאַן פון דעם שלעפּ־שיפל. איך בין מער ניט געווען ווי אַ „האַנט". געטויגט האָב איך צו גאָרנישט. איך ווייס ניט ביזן היינטיקן טאָג, פאַרוואָס ער האָט מיך ניט אַרויסגעוואָרפן דעם ערשטן טאָג. איך בין געווען הויך און דאַר. פויל ווי אַ קאַץ. ליב געהאַט די זון. ליב געהאַט דעם האָדסאָן. חוץ דעם האָב איך ניט געטויגט אַ קאַץ אַן עק צו פאַרבינדן.

מיין פאַמיליע האָט קיין נחת פון מיר ניט געהאַט. זיי זיינען געווען שטילע, פּשוטע מענטשן. געוואָלט פון מיר מאַכן אַ לייט. אָבער ניט איך! — איך האָב ניט געוואָלט זיין קיין לייט. ניט געוואָלט שטודירן, ניט געוואָלט אַרבעטן און זיך אַרומגעשלעפּט מיט ניט קיין פיינע מענטשן. דערצו בין איך געווען ברוגז אויף זיי. געהאַלטן ,אַז זיי באַהאַנדלען מיך ניט גוט. האָב איך איבערגעלאָזן שיקאַגאָ און בין געקומען קיין ניו־יאָרק.

חוץ שובאַקן זיינען מיר געווען נאָך פיר. צוויי זיינען שוין געווען עלטערע מענטשן. חוץ זייער צופיל טרינקען, האָט מען געקענט זיי פאַר־ טראָגן. מאַק איז געווען אַ רויט־האָריקער, האָט ווייניק גערעדט, ער האָט אָבער געקענט אַרבעטן ווי אַ פערד! שובאַק פלעגט שפּאַסן פון אים און זאָגן: „זיין ווייב רעדט שוין פאַר אים אויך". דער צווייטער איז געווען לאַרסען. ער איז געווען דער יינגערער. ניט געהאַט קיין ווייב, ניט קיין קינד. גע־ געשפּילט אַ האַרמאָשקע, און יעדע פרייע מינוט געלייענט קאָנראַדן און

דזשעק לאָנדאָנען. אָדער געזונגען לידער אין אַלע שפּראַכן. אויך פאַר־
באָגראַפישע. ער איז אָבער געווען אַ ליבער מענטש און וואָלט אַוועקגעגעבן
דאָס העמד פון לייב פאַר אַ פריינט.

דער פערטער, שובאַקס רעכטע האַנט, איז שוין געווען פון אַן אַנדער
מין. ער האָט געוואוסט מער ווי יעדער איינער פון אונדז.
לאַרסען איז געווען זיכער, אַז ער קען אויסטרייסלען פון אַרבל
שובאַקן. אויך ער האָט געהאַט לייסענס פון אַ קאַפּיטאַן. פאַרוואָס אַנדרעי
האָט געאַרבעט אויפן שלעפּ־שיפל, האָט קיינער ניט געקאָנט פאַרשטיין. ער
איז געווען אַ גוטער ברודער. האָט זיך מיט יעדן איינעם געפריינדלט.
און ביי יעדער געלעגנהייט געהאָלפן מיט וואָס ער האָט נאָר געקענט. ער
איז געווען זעקס פוס צוויי אינטשעס הויך! שטאַרק ווי אייזן, און געהאַט
אַ האַרץ פון גאָלד. חוץ דעם האָט ער געשריבן און געזונגען זיינע אייגענע
לידער. געהאַט אַ פיינע שטימע און געזונגען מיט גרויס געפיל.

* * *

עס זיינען געווען טעג פון שווערער אַרבעט, און טעג פון רו. ווען דאָס
שלעפּ־שיפל איז געשטאַנען געאַנקערט אַ טאָג אָדער צוויי, פלעגט איינער
פון אונדז בלייבן מיט דער שיף, ווייל די אַנדערע פלעגן גיין אין שטאָט
אַריין אַ לעב־צו־טאָן. אָבער וואָס עס זאָל ניט געווען פאַסירן, איז יעדערער
געווען פינקטלעך אין קומען צוריק אָנגעטרונקען אָדער וואַקלענדיק. זייערע
פיס האָבן זיי געבראַכט צום שיפל אין צייט.

איך האָב אַ סך מאָל וואָלונטירט צו בלייבן און לאָזן די אַנדערע גיין
פאַרברענגען. איך בין געווען אַן אומעטיקער בחור. ניט געוואוסט, אויף
וואָס פאַר אַ וועלט איך בין! ניט געוואוסט וואָס איך וויל, אָדער וואו מיין
וועג וועט מיך פירן. ניט געהאַט קיין גאָט, ניט קיין מענטשן! און ביי
יעדער געלעגנהייט פלעג איך ווערן גערירט ביז טרערן. גאָט ווייס וואָס איך
האָב געוואָלט פון לעבן.

איך בין געווען יינגליש און אומבאַהאָלפן ווי אַ קראַנקע קאַץ. עס
איז מיר געווען שווער עלטער צו ווערן. איך האָב זיך געראַנגלט מיט דער
וואָר, און געלעבט אין אַ וועלט פון חלומות. איך האָב געבענקט אַהיים
צו די פינסקער בלאָטעס, וואו די טייכן האָבן ווי אַן אייביקער שטראָם
געפלאָסן. איך האָב געבענקט נאָך די כאַטעס, וועלכע האָבן פון מידקייט
זיך איינגעצונורעט אין דער ווייכער זומפּיקער ערד.

שובאַק פלעגט מיך מיטשלעפּן מיט זיך ביי יעדער געלעגנהייט. ער האָט ליב געהאַט אַרומוואַנדערן אויף איסט בראָדוויי, אָרטשאַרד גאַס, אין אַלע געסלעך פון דער איסט סייד. איך האָב געוואוסט, אַז ער איז ניט געבאָרן געוואָרן אין אַמעריקע, אָבער וואו? — האָט ער קיינמאָל ניט דערציילט. קיינמאָל ניט דערמאָנט עמעצן פון זיין פאַמיליע. ווען ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ ייד, האָב איך אים אָנגעקוקט און געשמייכלט. ער איז געוואָרן בייז אויף מיר און האָט מיך אָפּגעזידלט פאַר מיין ניט גלויבן. ער איז צוגעלאָפן צו אַ צייטונג־פאַרקויפער, אַ כאַפּ געטאָן אַ יידישע צייטונג און האָט אָנגעהויבן לייענען. עס איז פאַר אים געווען שווערלעך, יעדעס וואָרט איז אַרויסגעקומען ווי האַלץ פון זיין מויל. אָבער איך האָב מער ניט געקענט צווייפלען אין זיין יידישקייט.

* * *

אַ געוויסן שבת נאַכט איז אונדזער שיפל געווען געאַנקערט ביי די ברעגן פון האָדסאָן. מ'האָט אונדז אינפאָרמירט, אַז מיר וועלן אַ פּאָר טעג ניט זיין אַקטיוו. שובאַק איז אַוועק צו זיין דאַמע. ער פלעגט זי זען יעדע צוויי־דריי וואָכן. ווען ער פלעגט צוריקקומען, פלעגט ער זיך שווערן, אַז ער וועט זי מאַכן פאַר זיין ווייב. עס איז ניטאָ קיין בעסערע ווי זי: ער פלעגט זי קיינמאָל ניט רופן ביים נאָמען, נאָר „זי!" געוויינטלעך איז ער געווען אָנגעטרונקען ביז פלאַצן. און אַז ער פלעגט זיך אויסניכטערן, האָט אַן אומעט אים באַפאַלן, און ער האָט פאַרמאַכט זיין פּיסק און ניט גערעדט מיט קיינעם פאַר טעג.

מאַק און אַנדערע האָבן געהאַט ווייבער און קינדער, זיינען זיי אַוועק צו זייערע היימען. לאַרסען האָט באַשלאָסן, אַז ער בלייבט אויפן שלעפּ־שיפל. ער איז געווען זייער אומעטיק דעם פאַרנאַכט. ער איז געשטאַנען ביי דער פאָרענטשע און אַרונטערגעקוקט צום וואַסער. האָב איך באַשלאָסן אַביסל וואַנדערן איבער דער שטאָט און זוכן דעם נעכטיקן טאָג. פאַרן אַוועקגיין האָב איך געפרעגט לאַרסענען: אויב ער וויל איך זאָל אים ברענגען עפּעס, ווען איך וועל צוריקקומען. האָט ער מיר פאַרטראַכט געענטפערט. „יע מייק. ברענג מיר מנוחה פאַר מיין האַרצן! אָדער כאָטש אַ ביסל פרייד אין אַ טיי־גלאָז." איך בין שנעל אַרונטער פון שיפל.

* * *

מיין שטימונג איז אויך ניט געווען קיין געהויבענע. איך בין געבליבן

שטיין ביי דער צוועלפטער עוועניו און ניט געוואוסט וואו מען גייט. דער הימל איז געווען פאַרוואָלקנט. אַ ווינט האָט זיך געריסן פון דעם האָדסאָן. איך וואָלט געווען צוריקגעגאַנגען צום שיפּל, האָב איך זיך דערמאָנט אָן לאַרסענען, און באַשלאָסן, בעסער בלייבן וואו עס איז איבער נאַכט. בין איך געגאַנגען מיט דער פערצנטער גאַס, געפילט, אַז עס וואָלט געווען גוט צו טרינקען אַביסל שנאַפּס. איך וועל זיך אָפּשטעלן אין פרענקס סאַלון, ווייל איך האָב אים שוין לאַנג ניט געזען. איך האָב געוואָלט אָנקוקן זיין רויטן קאָפּ און די וואַרעמע אויגן.

„העלאָ, כאַליערע!״ האָט פרענק זיך צעשריען. „קום אַהער, לאָמיר דיך אָנקוקן!״

פרענק האָט אַ שפּיי געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע. זיין רויט־געשטופּלט פּנים איז נאָך רויטער געוואָרן. „דו קוקסט אויס ווי אַ מענטש. דו האָסט אַוודאי געוואונען אַ האַלבן פונט... אויב דו וועסט אַזוי ווייטער אָנגיין, וועסטו אין הונדערט יאָר אַרום זיין אַ פּאָלנער מאַן! זעץ זיך בעסער אַוועק, איידער דו פאַלסט פון די פיס.״

איך האָב געדאַנקט גאָט, וואָס מען האָט אים אַוועקגערופן. געוואָלט זיין אַליין. בין איך אַוועק אין אַ ווינקל, זיך אַוועקגעזעצט, פאַררייכערט מיין ליולקע און צו דער זעלבער צייט פאַמעלעך געטרונקען מיין „דזשאָ־מייקאַ־ראָם״. אין דרויסן איז שוין געווען פינצטער. די פענצטער זיינען געווען נאַס, כאָטש עס האָט ניט גערעגנט. דער סאַלון איז נאָך געווען ליידיקלעך. איך האָב געטראַכט, אַז באַלד וועט דער גרויסער חדר ווערן איבערגעפולט. עס וועט ווערן טומלדיק און פול מיט רויך. די אַרבעטער פון האַפן וועלן קומען כאַפּן אַ טרונק און פאַרגעסן זייער מידקייט. די מאַטראָזן וועלן פאַרלאָזן די פאַראַנקערטע שיפן, וועלן וואַנדערן איבער דער שטאָט צו זוכן פרויען אויף ביינאַכט. דערווייל וועלן זיי כאַפּן אַ טרונק, טרעפן פריינד און אַביסל שמועסן.

ווען איך בין אַרויס אין גאַס, האָב איך ניט געוואוסט וואו מען גייט. אַ טומאַן האָט אַראָפּגענידערט פון הימל און זיך געקלעפּט צום טראָטואַר. איך האָב שוין דערגרייכט פינפטע עוועניו, זיך ווייטער געשלעפּט און געטראַכט. זיך אַרומגעקוקט, אַז איך געפין זיך אין גרינעדזש ווילעדזש. האָב איך זיך אויף אַ פּאָר מינוט אַוועקגעזעצט אין פּאַרק, פאַרמאַכט די אויגן און געדרימלט. עס איז אָבער געווען צו קיל און פייכט, און עס

איז געווען אומבאַקוועם צו בלייבן זיצן אויף איין אָרט. בין איך אַזוי ביסלעכווייז פאַרקראָכן אויף קריסטאָפער גאַס אין אַ קאַפעטעריע, געגומען שוואַרצע קאַווע מיט אַ קיכל און געזופּט פאַמעלעך. איך האָב געטראַכט, אַז איך וועל שוין קיין לייטישע נאַכט ניט האָבן; אַז עס וואָלט געווען בעסער פאַר מיר צו בלייבן אויפן שלעפּ־שיפל, אָדער גיין צו מיין חדר אויף דער צוועלפטער גאַס, אַריינקריכן אין בעט אַריין מיט אַ פלעשל שנאַפּס און איבערקומען די נאַכט.

* * *

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל לעבן מיר. אַ רויט־האָריקע מיט אַ פּנים פול מיט קלייען, און גרינע אויגן, ווי ביי אַ קאַץ. ווי אַלט זי איז געווען, איז מיר געווען שווער צו טרעפן. איך וואָלט געזאָגט — אין די דרייסיקער. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און אַ זאָג געטאָן גלאַט אַזוי זיך: „עס איז פאַסקודנע אין דרויסן! האָסט אפשר אַ סיגאַרעט?...“ איך האָב איר געגעבן איינעם, אָנגעצונדן אַ שוועבעלע, כדי זי זאָל קענען פאַררויכערן. איך האָב איבערגעלאָזט מיין שטול און זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר.

„דו ווערסט מיר אַנטשולדיקן: עס איז מיר אומעטיק צו זיצן אַליין,“ האָב איך אַ זאָג געטאָן.

„נו, זיץ. אין אַזאַ וועטער איז גוט צו ליגן אין בעט איינגעגנורעט אין אַ מאַן: עס איז גוט, אַז עמעצער זאָל דיר זאָגן, וואָס פאַר אַ שיינעם קערפּער דו האָסט!“ זי האָט מיך אָנגעקוקט און אַ פרעג געטאָן: „ווי אַלט ביסטו?... האָסט אַ פאַרברוינט פּנים, ברוינע אויגן, אָבער הויט און ביינער...“

„זאָל איך דיר דערציילן מיין גאַנצע לעבנס־געשיכטע?“ האָב איך געלאַכט. „איך בין ביינער, אַרבעט אויף אַ שלעפּ־שיפל. איך בין געבוירן געוואָרן זייער ווייט פון דאַנען. מיין היים איז געווען צווישן טייכן, פעלדער און וועלדער. איך האָב געהאַט אַ טאַטע און אַ מאַמע. געבוירן געוואָרן ווי אַלע, וועל שטאַרבן ווי אַלע. וואָס מאָרגן וועט זיין מיט מיר — ווייס איך ניט! אָבער היינט איז מיר אומעטיק ביז ווייגען. איך בין הונגעריק נאָך אַ רויט־האָריק ווייב, און איך בין גרייט זי צו פאַרגוואַלטיקן“.

זי האָט זיך הויך צעלאַכט: „דו ביסט אַ מאָדנער יונג. איך גלויב, איך וועל דיך ליב האָבן. נעם נאָך אַ טרונק און זיץ שטיל אַביסל. לאָמיר

דיך באַטראַכטן. איך גיי ניט שלאָפן מיט אַבי וועמען. איך בין ניט קיין גאַסן־פרוי! — דו דאַרפסט מיר פריער געפעלן. איך דאַרף זיין זיכער, אַז דו ביסט אַ ריינער מענטש. דו וועסט מיך מוזן צערטלען ווי אַ געליב־טער. גלאַט שלאָפן מיט אַ מאַן איז ניט גענוג פאַר מיר..."

שפּעטער האָט זי מיר געזאָגט, אַז איר נאָמען איז טערעזאַ. זי האָט דאָס מיר געזאָגט אין אַזאַ טאָן, ווי דער נאָמען וואָלט געהאַט אַ ספּעציעלן באַדייט. איך האָב זי בעסער אָנגעקוקט, זי האָט אויסגעקוקט זייער מיידליש, מיט איר פאַררייסענער נאָז און פייכטע ליפּן.

מיר זיינען שוין געווען היפּשלעך אָנגעטרונקען, ווען מיר האָבן פאַר־לאָזן דעם שענק. די לופט איז געווען רוי און פייכט. זיך געקלעפּט צום לייב. טערעזאַ האָט זיך אָנגעהאַלטן פאַר מיין אָרעם און אַ סך גערעדט. איך האָב יאָ געהערט, און ניט געהערט, וואָס זי זאָגט. מיר זיינען צוגעקומען צו אַ גרוי אָפּגעקראָכן הויז אין וואַשינגטאָן עוועניו. דער קאָרידאָר איז געווען ווי אַ פינצטערע לאָך. די שטיגן האָבן געקרעכצט אונטער די פיס, געווען ערטערווייז צעבראָכן. נאָר די פענצטער זיינען געווען אָפן, און מען האָט ניט געפילט קיין שטויב. אין מיטן אַרויפגיין האָט זי זיך אָפּ־געשטעלט, מיך אַרומגענומען מיט אירע אָרעמס און זיך איינגעביסן מיט אירע ליפּן אין מיינע.

* * *

איר חדר איז געווען אויף דעם לעצטן שטאָק. זי האָט מיר געגעבן דעם שליסל און איך האָב געעפנט די טיר. ווען זי האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט בין איך געבליבן שטיין אין מיטן צימער אַ געפּלעפטער.

עס איז געווען אַ מאַלער־סטודיע מיט פאַרשידענע בילדער אויף די ווענט, איבערהויפּט לאַנדשאַפטן; אַ בוים אַליין אין אַ זומפּיקן וואַלד; אַ מענטש אויף אַ בערגל מיט פאַרמאַכטע אויגן, ווי ער וואָלט גאָט געבעטן. אַ יונג וועלדל אין אָוונט־ליכט; אַ הויז אויף אַ באַרג פאַרהוילן אין שאָטנס; אַ מיידל, וואָס קוקט אַרויס דורכן פענצטער אויף אַ ליידיק געסל; אַ האַלב איינגעפאַלענע געביידע ביים איסט־ריווער...

די מאָטיוון זיינען אַלע געווען פון אומעט און פאַרגיין... אַלץ אַרום איז געווען זויבער. דער שלאָפצימער — אַ שטיק אַריענט. די וואַנט־מאַלערייען האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ פאַרצויבערטן גאָרטן.

איך בין פאַרטאָג אַוועק פון איר. די שטיגן האָבן געקרעכצט אונטער מיינע פיס. ווען איך בין אַרויס אין גאַס איז נאָך געווען טונקל. דער בריק פון אויבן האָט מיר פאַרשטעלט דעם הימל. עס איז געווען קיל, דאָס וואַסער פון האָדסאָן האָט זיך געלאָזט פילן אין דער לופטן.

איך בין געגאַנגען פּאַמעלעך צום וואַסער. מיין האַרץ איז געווען אָנגעפילט מיט אומעט. וועל איך טערעזאַן נאָך אַ מאָל זען? וועל איך נאָך אַ מאָל פילן איר קערפּער לעבן מיינעם? זי איז דאָך אַ וואונדערלעכע פרוי און אַ גרויסע קינסטלערין, וועלכע באַהאַלט זיך פון דער וועלט.

* * *

מיין חדר איז געווען אויף דער צענטער עוועניו און דער פערצנטער גאַס. אַ רויט אָפּגעקראָכן הויז, מיט שטויביקע ווענט. אונטן איז געווען אַ רעסטאָראַן, וואָס האָט געשמעקט מיט שימל. איך האָב אויף שנעל געכאַפּט אַ שוואַרצע קאַווע און אַוועק אין מיין צימער. אַ בריוו האָט געוואַרט אויף מיר פון דער היים. איך האָב אים פּאַמעלעך געעפנט אויף דער בעט און אָנגעהייבן לייענען. די ווערטער האָבן געטאַנצט פאַר מיינע אויגן, זיך געדרייט אין אַ קאַראַהאַד. איך בין איינגעשלאָפן זיצנדיק. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָט שוין די זון געשיינט.

בין איך אַרונטער אין דעם דומפּיקן רעסטאָראַן און נאָך אַ מאָל געטרונקען קאַווע, געלייענט דעם בריוו פון דער היים:

„דאַנק דעם אויבערשטן דערפאַר, וואָס מיר זיינען געזונט. מען לעבט ווי מען קען, און מען דאַרף ניט זינדיקן. די אָזערע פליסט שוין ווייטער און מען קען כאַפּן פיש וויפיל מען וויל. דאָס וואַסער איז קלאָר און מען קען זען יעדעס שטיינדל און זעמדל. מען אַרבעט שוין אויפן גאָרטן און עס וועט לאַנג ניט נעמען און מען וועט עסן די ברכה פון דער ערד. דיביימער בליען שוין. אַלץ איז באַשטראַלט מיט זון און פרייד...

„פאַרוואָס שרייבסטו ניט? מיר זיינען באַזאָרגט וועגן דיר. פאַרפרעמד ניט דיין אייגן בלוט און פליישׁ. מיר האָבן געקראָגן אַ בריוו פון פערלען. זי שרייבט, אַז זי האָט שוין לאַנג נישט געהערט פון דיר. פאַרגעס ניט, זון, אַז זי איז דיין שוועסטער, און האָט דיך אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע. פאַרפרעמד זיך ניט, זון, עס איז ניט גוט צו זיין אַליין אין אַ פרעמד לאַנד. פאַרגעס ניט, אַז דו ביסט אַ יידיש קינד! גיי ניט אין פרעמדע וועגן, וועלכע קענען נאָך פירן צו פאַרגעסן גאָט.“

איך בין געזעסן שטיל און געלאָזן די קאַווע קאַלט ווערן. איך האָב געקוקט אין דרויסן און גאָרניט געזען. איך האָב געטראַכט וועגן דער היים, געטראַכט וועגן דער מאַמען מיטן שייטל אויפן קאָפּ צוגעדעקט מיטן טיכל פון רייַנעם זייד. איך האָב געזען אירע רויטע שווערע ברעמען איבער אומרואיקע אויגן.

איך האָב געטראַכט וועגן טאַטן, הויך, מיט אַ שפּיציק באָרד, מיט שוואַרצע סאַמעטענע אויגן. איך האָב געזען אונדזער גאָרטן בליענדיק. איך האָב געזען דעם וואַלד, וועלכער איז געווען אַ פּאָר שפּאַן פון הויז, און וואָס איז אַלע מאָל געווען פאַרהוילן אין מיסטעריע.

איך האָב געזען דעם בירקאַן, אַ שטיק זומפּיקע ערד, וואָס איז אין אַ לעגענדע געווען איינגעהילט. ביינאַכט האָבן אַלע געהערט אַ געקלאַנג פון גלעקער פון טיפן אָפּגרונט — אַ קלויסטער איז דאָרטן געווען פאַר־זונקען.

איך האָב געזען דעם מאַרק ביינאַכט, פאַרלאָזן און אומעטיק, וואו מתים פלעגן זיך צוזאַמענקומען.

*   *   *

צום שלעף־שיפל בין איך מער ניט געגאַנגען. איך בין אַוועק צו דער „יונייטעד פרוכט קאָמפּאַני“ און זיך פאַרדונגען אויף איינער פון זייערע פראַכט־שיפן וועלכע פאָרן אַרום אין די טראָפּישע לענדער. דעם זעלבן טאָג האָב איך פאַרלאָזן די שטאָט און געקומען צוריק מיט יאָרן שפּעטער.

שובאַקן, ווי אויך די אַנדערע פון שלעף־שיפל, האָב איך מער קיינמאָל ניט געזען. וואָס איז געוואָרן פון זיי? וואָס האָט פּאַסירט אין זייערע לעבנס? איך וואַנדער אַרום איבער דעם ניו־יאָרקער האַפן און זוך זיי. איך האָב דעם געפיל, אַז זיי זיינען פאַרשוואונדן אין דער אייביקייט.

# אין טומאַן

פּאַרוואָס פּאַרלאָזט איינער זיין היים, אַ וואַרעמע בעט און גוטע פריינט, און גייט וואַנדערן? גאָט ווייס. דאָס לעבן איז אַזוי קאָמפּליצירט, אַזוי אומפאַרשטענדלעך, אַז עס איז אוממעגלעך צו דערגיין אַ טאָלק.

מאַנק האָט גערעדט פּאַמעלעך, ווי צו זיך אַליין. זיין שטימע איז געווען אַ ווייכע, אַ מעלאָדישע. זי האָט ניט האַרמאָנירט מיט זיין ריזיקן קערפּער און זיינע לאַנגע אָרעמס, וואָס האָבן דערגרייכט די קני. ער האָט געהאַט אויגן פון אַ קינד, גרוי־גרינע, לאַטשענדיקע, מיט אַ סך וואַרעמקייט אין זיי. ער האָט געטראָגן זיינע יאָרן גרינג. קיינעם וואָלט ניט איינגעפאַלן אַז ער איז שוין באַלד זעכציק.

איך האָב געטרונקען „סקאָטש" פּאַמעלעך. מאַנק האָט געטרונקען ראָם. גלעזל נאָך גלעזל האָט ער אַרונטערגעשלונגען און זיך אַפילו ניט פאַרקרימט. דער סאַלון איז געווען פול מיט רויך, און דער גערוך פון די שנאַפּס האָט געשטיקט אין האַלדז. די לופט אין דרויסן איז געווען אָנגעפילט מיט אַ קלעפּיקער פייכטקייט. עס איז געווען אַזוי נעפּלדיק, אַז מען האָט ניט געקענט זען אַ שפּאַן ווייטער. די פענצטער זיינען געווען נאַס און די טראָפּנס האָבן גערונען פּאַמעלעך אַרונטער.

איך און מאַנק האָבן געאַרבעט אויף דער זעלבער שיף. ער איז געווען דער ערשטער „אָפיסער", און איך האָב געאַרבעט אין „אינדזשין רום". אָבער פריינט זיינען מיר געווען, זייער גוטע פריינט! ניט די יאָרן און ניט זיין ראַנג, האָבן געמאַכט אַן אונטערשייד. איך בין געווען דער יינגסטער אויף דער שיף, דער יינגסטער צו אַרבעטן ווי אַן „אָילער" אין דעם „אינדזשין רום".

„ווי אַלט ביסטו, מייק?"

„אַכצן", האָב איך אים געענטפערט.

„דו טרינקסט ווי אַ וועטעראַן: וואו, צום ביישפּיל האָסטו זיך דאָס

אויסגעלערנט ? דו האָסט נאָך געדאַרפט האָבן דער מאַמעס מילך אויף דיינע ליפּן״.

איך האָב געלאַכט. — דו ביסט אַ מאָדנער מענטש, מאַנק. דו זאָגסט זאַכן און דערזאָגסט ניט.

„דו רעדסט אַלט, און דו ביסט נאָך ניט קיין אַכצן. מיר קענען זיך שוין איבער אַ יאָר און איך ווייס ניט ווער דו ביסט, פון וואַנען די קומסט. צי האָסטו אַמאָל געהאַט אַ מאַמע ?... האָט מען דיך אַמאָל געוויגט אין אַ וויגעלע ? און אפשר ביסטו געבוירן פון אַ שטיין ? אָדער אַרונטערגעפאַלן פון הימל ?״

מאַנק האָט אַרונטערגעשלונגען אַ האַלבע גלאָז ראָם און געשוויגן. זיינע אויגן זיינען געווען פּוסט. איך האָב ניט געוואוסט צי ער האָט געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט. איך האָב געטרונקען מיין סקאָטש און, עפּעס אַ טראַגיש געפיל האָט מיך אַרומגעכאַפּט, אַ מין נאַגעניש אין האַרצן, אַ געפיל פון וויינען.

אַ סך מאָל האָב איך אַזוי געפילט. איך האָב זיך אַביסל געשעמט מיט מיין שוואַכקייט, קיינער האָט ניט געדאַרפט וויסן פון דעם. מען דאַרף קיינעם ניט ווייזן וואָס ס׳טוט זיך ביי דיר אין האַרצן.

מאַנק האָט מיך מאָדנע אָנגעקוקט. איך האָב זיך אַ ביסל פאַרשעמט. איך האָב אַוועקגעקערט מיין קאָפּ, ער זאָל ניט זען מיינע נאַסע אויגן. ער האָט זיך אויפגעהויבן, אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף מיין אַקסל, און גיך אַ זאָג געטאָן : „גיי און געפין אַ ווייב פאַר דער נאַכט — מאָרגן וועל איך דיך זען אויף אַ שיף. איך ווייס ניט צי מיר וועלן אָפּפאָרן אָדער ניט. דערווייל זיי מיר געזונט. איך וועל שוין פאַר די שנאַפּס באַצאָלן.״

איך האָב געוואוסט וואו ער גייט. העלען וואַרט אויף אים. וועלן זיי פאַרברענגען די נאַכט צוזאַמען, דערנאָך וועט ער אַ מוטלאָזער קומען צוריק צו דער שיף. וואָס עס קומט פאַר צווישן זיי — ווייס איך ניט ! — זייער ליבע גייט שוין אָן אַ לאַנגע צייט. אָבער קיין פּרוכט זעט זיך ניט. אפשר האָט זי אַ מאַן און קינדער ? אַלע מאָל ווען זיין שיף קומט אין האַפן איז די זעלבע זאַך : איין נאַכט. אָבער דערנאָך אומעט — אַ לאַנגע צייט. ער קומט צוריק אַ שווייגעדיקער, מיט אומעט אין די אויגן און ווייטיק אין האַרצן.

איך האָב ניט געפילט ווי אַרויסצוגיין אין גאַס. דער גרויסער צימער פון סאַלון איז טאַקע געווען פול מיט רויך און טומל. אָבער עס איז אויך

געווען אַ געמיטלעכקייט אין דעם אַלעם. עס איז געווען גוט צו זיצן און פאַרגעסן די גאַנצע דרויסנדיקע וועלט מיט אַלע מענטשלעכע פּראָבלעמען. איך האָב געטרונקען פּאַמעלעך און געקוקט אויף די מענטשן אַרום מיר. אַ יונגער נעגער האָט געשפּילט אויף אַ גיטאַרע און געזונגען. ער איז געווען הויך און שטאַרק און מיט אַ צעבראַסטעטער ברוסט. ער האָט אימ־פּראָוויזירט לידער פאַר אַ טרינק שנאַפּס. זיין פּיינע באַסאָווע שטימע און זיינע קערפּער־באַוועגונגען האָבן זיך האַרמאָניש צוזאַמענגעגאָסן מיט די לידער פון בענקשאַפט און וואַנדער.

אַ סך פּרויען זיינען דאָרטן געווען. מיינע אויגן האָבן געוואַנדערט פון איינער צו דער אַנדערער. געפּרובירט טרעפן, ווער זיי זיינען און וואָס זיי זיינען.

מיינע בליקן האָבן זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן. איך בין געווען זיכער, אַז זי האָט אַ מאַן און אַ היים. נאָך איצט געווען שיין. זי איז געשטאַנען ניט ווייט פון מיין טישל, געקוקט אויף מיר און געשמייכלט. זי האָט ניט געוואַרט אויף מיין איינלאַדונג און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן שטול לעבן מיר. זי האָט שוין אַ סך געטרונקען, אָבער זי האָט דאָס ניט אַרויסגעוויזן. „פאַרגיב מיר, יונגערמאַן, פאַר זיך צוזעצן לעבן דיר. איך האָף, אַז איך שטער ניט דיינע געדאַנקען".

מיינע געדאַנקען — האָב איך זיך צעלאַכט — אַ בעט, אַ פרוי און אַ וואַרעמער, ריינער צימער.

— האָ! האָ! ניט אַזוי שנעל, מיין פריינט. דער אָוונט איז יונג, מען דאַרף ניט זיין אומגעדולדיק. ווי אַלט ביסטו בחור?

— וואָס איז דער אונטערשייד? אַלט גענוג צו וויסן וואָס איך וויל! און צייט קיין סך איז אויך ניטאָ. מאָרגן קען זיין וועט מען דאַרפן אַוועק־פאָרן. אפשר אויף זייער לאַנג. און דאָס לעבן איז אַזוי קורץ, מיינע יונגע יאָרן גליטשן זיך אַרויס און איך פיל זיך שוין אַלט.

אַ רגע האָט זי מיך שאַרף אָנגעקוקט.

— איך האָב שוין געקענט האָבן אַ קינד ווי דו. דו וואָלסט מיך גע־וואָלט פאַר אַ מאַמע?

איך האָב זיך צעלאַכט: — ניין! ניט פאַר קיין מאַמע. דו ביסט יונג גענוג צו זיין מיין ווייב. מען קען דיך זייער שטאַרק ליב האָבן...

איר אויבערשטע ליפּ האָט אַ ציטער געטאָן. אירע אויגן זיינען גע־

וואָרן פּייכט, זי האָט אָנגענומען מיך פאַר דער האַנט און געזאָגט: „אַ דאַנק, בחור! נו, קום, מיר וועלן קענען טרינקען ביי מיר אין הויז.“

* * *

דעם קומענדיקן פרימאָרגן האָב איך געטראָפן מאַנקן אויף דער שיף. ער איז געווען אומעטיק.

— מיר וועלן זיין אין האַפן נאָך אַ פּאָר וואָכן! דער שוואַרץ יאָר ווייס וואָס עס האָט פּאַסירט.

— דאַרפן מיר בלייבן אויף דער שיף? — האָב איך אים געפרעגט.

— ניין! מאַרטיניגז מיט אַ פּאָר מאַטראָזן וועלן זיין גענוג. דו קענסט קומען שלאָפן אויף דער שיף, אָדער טאָן וואָס דו ווילסט ביז מאָנטיק. דערנאָך וועלן מיר ווייטער זען.

— און וואָס גייסטו טאָן? — האָב איך אים געפרעגט.

— איך ווייס ניט. קום לאָמיר גיין אין שטאָט, מיר וועלן שוין געפינען וואָס צו טאָן.

מיר גייען פאַמעלעך און שווייגן. מיר ווילט זיך פרעגן מאַנקן, וואָס עס האָט געכטן מיט אים פּאַסירט — צווישן אים און העלענען. אָבער פּלוצים גיט ער אַ פרעג:

— וואָס האָסטו געטאָן די לעצטע נאַכט?... קוקסט אויס ווי אַ קאַץ, וואָס האָט אויפגעגעסן די סמעטענע.

— זי איז געווען אַ רויטע, אין די פערציקער. אַ קערפּער פון אַ יונג מיידל, און אויגן דורכדרינגענדיקע. זי וואוינט אין אַ שיינער דירה, לעבן פּאַרק. איר מאַן איז שוין טויט עטלעכע יאָר און זי האָט אים ליב געהאַט, שווערט זי. איך בין דער ערשטער מאַן וואָס זי האָט געהאַט זינט דעמאָלט... און מאָדנע, מאַנק, איך האָב איר געגלויבט.

מאַנק האָט געפּייפט אַן אומעטיקן ניגון און געשוויגן. ער האָט געהאַלטן זיינע אויגן האַלב פאַרמאַכט, און זיינע לאַנגע אָרעמס זיינען געהאַנגען ווי טויטע צווייגן פון אַ בוים.

— און וואָס איז וועגן העלענען? האָט עפּעס פּאַסירט?

ער האָט באַלד ניט געענטפערט. אַ ווײַלע איז געווען אַ פּיינלעך שטילשווייגן. ענדלעך האָט ער אויסגעשריגן:

— גאָרניט האָט פּאַסירט! דער פויגל איז אַרויסגעפלויגן פון שטייגל. שוין וואָכן, אַז זי האָט פאַרלאָזן איר היים. אַפילו אַ פּאָר ווערטער מיר

ניט איבערגעלאָזט, וואו איז זי? — גאָט ווייס. איך וועל זי שוין קיינמאָל מער ניט זען. קיינמאָל!

עס איז מיר געוואָרן שווער אויפן האַרצן. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן, האָב איך געשוויגן. מאָנק האָט מיך אָנגעקוקט מיט בלינדע אויגן. איך בין געווען זיכער, אַז ער זעט מיך ניט. ער האָט אַרויפגעלייגט זיין שווערע האַנט אויף מיין אַקסל, מיך געלאָזן שטיין אַליין און ער איז אַוועק.

דריי מאַטראָזן זיינען פאַרבייגעגאַנגען און געזונגען הויך און הייזע־ריקלעך. זיי זיינען געווען היפּש אָנגעטרונקען און מיך פריילעך באַגריסט: „היי, סעילאָר! קום און טרינק מיט אונדז. וואָס שטייסטו ווי אַ פאַרזונקענע שיף? קום דו וואַזשנבער יונג, קום"...

איך האָב ניט געוואוסט, וואו צו גיין, און וואָס צו טאָן. האָב איך גלאַט שפּאַצירט אַרום האַפן. עס איז געווען ווידער פרילינג, און אַ געשמאַק ווינטל האָט געבלאָזן פון וואַסער. געעלט האָב איך געהאַט. בין איך געגאַנגען פון איין שענק צום אַנדערן ביז איך האָב קוים געקענט שטיין אויף מיינע פיס. די נאַכט איז אָנגעקומען און איך האָב זיך געפונען ביים ברעג וואַסער, ליגנדיק אויף אַ הילצערנעם פּיר, מיט עטלעכע שיפלעך פאַראַנקערט. אין ערגעץ איז ניט געווען קיין פונק לעבן. איך האָב ניט געוואוסט ווי איך האָב פאַרבלאָנדזשעט אַהין, אָדער וואו איך געפין זיך. איך בין געלעגן מיט די אויגן צום הימל און געזען די שטערן און די פולע לבנה. איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און זיך איינגעהערט צו די כוואַליעס. כ'האָב געהערט אַ מעכטיקן געשריי, ווי אַ ריז וואָלט זיך געריסן פון אַ קייט און געזוכט זיך צו באַפרייען.

* * *

איך האָב ניט געהערט אירע טריט, ניט געזען פון וואַנען זי איז געקומען. איר זיידן קלייד האָט באַרירט מיין געזיכט. זי האָט געשמעקט מיט יאַסמין־פּאַרפיום אין פרילינג. אירע רויטע האָר האָבן געשיינט ווי גאָלד אין דעם לבנה־ליכט; זי האָט געקוקט אויף מיר און געשמייכלט:

— קען איך זיך אַוועקזעצן? איך בין מיד פון דיר נאָכלויפן.

איך האָב אַרונטערגענומען מיין רעקל און זי געבעטן זיך אַוועקצו־זעצן.

— איך וויל ניט דו זאָלסט פאַרשמירן דיין שיינע קלייד. דו קוקסט אויס אַזוי שיין, אַזוי יונג, רויטע מיינע!

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און זיך אָנגעשפּאַרט אויף מיין אַקסל. זי איז געזעסן שטיל אַ מינוט און געהאַלטן די אויגן פאַרמאַכט. נאָך אַ ווײַלע שווייגן האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— איך בין געשטאַנען ביי דער שיף. געזען ווי דו גייסט אַוועק מיט דיין פריינט. איך האָב זיך געשעמט ווייזן פאַר אים. האָב איך געוואַרט ביז ער איז אַוועק, דערנאָך דיר נאָכגעפאָלגט פון איין סאַלון צום צווייטן, ניט געהאַט דעם מוט זיך צו באַווייזן.

איך בין געלעגן אויף מיין פּלייצע און געקוקט אויף איר און געשוויגן. איך האָב עפּעס געוואָלט זאָגן און ניט געקענט. די ביליקע שנאַפּס האָט מיך ווי פאַראַליזירט. איר פאַרפיום איז געווען עקזאָטיש. איר קערפּער מיידלש. און איך בין געווען אַכצן יאָר אַלט און אַזוי ווייט פון דער היים.

— דו ביסט ניט ברוגז, געליבטער ?... אויב יאָ, וועסטו מיר מוחל זיין ! איך האָב דאָס געמוזט טאָן ? געמוזט. איך שעם זיך. שוין געקענט האָבן קינדער ווי דו, אָבער קיין קינד איז ניטאָ ! די יוגנט אויך ניט. ער איז טויט. און איך בין עלנט. און איך וויל ניט שטאַרבן !

איך האָב אויסגעשטרעקט מיינע אָרעמס און זי צוגעצויגן צו זיך, געפילט אירע הייסע ליפּן אויף מיינע. און איך האָב זי ליב געהאַט מיט מיין גאַנצן האַרצן. האָב געטראַכט, אַז איך וואָלט חתונה געהאַט מיט איר. עס קען ניט זיין קיין בעסערס אויף דער וועלט.

עס איז געוואָרן זייער שטיל. אַ נעפּל האָט אַרונטערגענידערט פון הימל. אַ רויכיקע, קלעפּיקע מאַסע האָט באַהעפט דעם הימל מיט דער ערד. ווי אַ שוואָם האָט דער נעפּל פאַרשלונגען דעם רויש פון דער שטאָט, אונדז ביידן איינגעוויקלט אין אַ מאַנטל פון וואָלקנס און הימל און ערד איז פאַרשוואונדן.

עס איז געוואָרן קאַלט. די נאַסע לופט האָט זיך געקלעפּט צום קערפּער.

— קום, — האָב איך געזאָגט, — דאָ איז פאַראַנקערט אַ שיפל מיט אַ קאַבינע. קיינער וועט היינט ניט קומען אַהער. מיר וועלן זיך באַהאַלטן פון דער נעץ און קעלט. עס קוקט אויס, אַז עס וועט באַלד רעגענען.

עס איז געווען וואַרעם און באַקוועם אין דער קאַבינע. דאָרט איז געווען אַ לאַנגע באַנק באַשלאָגן מיט לעדער. די כוואַליעס זיינען געוואָרן שטאַרקער און דאָס שיפל האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן דעם הילצערנעם ברעג.

עס וואָלט גוט געווען מיר זאָלן אַוועקשווימען ווייט פון ברעג, וואו דער ווינט וועט טראָגן.

זי האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן מיר אַ דערשראָקענע.

— וואָס אויב עמעצער וועט אָנקומען?... עס וועט זיין אַ סקאַנדאַל! און איך וועל מוזן אַנטלויפן פון דער שטאָט.

— איך וויל מיט דיר חתונה האָבן, רויטע! מיר קענען דאָס טאָן מאָרגן פרי. וואָס זאָגסטו?

זי האָט אַ וויטיקדיקן לאַך געטאָן.

— לאַך ניט פון מיר, מאַטראָז! איך קען זיין דיין מאַמע! פאַרגעס זיך וועגן מאָרגן! מאָרגן וועט אַלץ זיין אַ טרוים. אין ליכט פון טאָג וועט אַלץ זיין אַנדערש. דו וועסט גיין דיין וועג — איך מיינעם. עס איז בעסער פאַר דיר און מיר. מיר זיינען געבוירן אין אַ נעפּל און אַזוי וועלן מיר פאַרשווינדן.

זי איז געלעגן מיט אָפענע אויגן און געמיינט, אַז איך שלאָף. איך האָב אָבער געזען ווי זי טוט אָן פאַמעלעך די קליידער, פאַרקעמט אירע האָר. דערנאָך האָט זי זיך איבערגעבויגן איבער מיר און אָנגערירט אירע ליפּן אָן מיינע. אַ רגע איז זי געשטאַנען און געקוקט אויף מיר, דערנאָך אַרויסגעקראָכן פון שיפל. איך האָב געהערט אירע אייליקע טריט, דערנאָך גאָרניט. אַ פאַרגליווערטע שטילקייט.

איך בין געקומען צו דער שיף גאָר פרי. איך האָב מער ניט געוואָלט זיין אין שטאָט. מאַרטינעז האָט מיך באַגריסט סאַרקאַסטיש.

— וואָס, צום טייוול, האָט פּאַסירט מיט דיר, מייק?... דו קוקסט אויס, ווי זי וואָלט דיך ניט אַריינגעלאָזן אין בעט! דו האָסט מיך געדאַרפט מיטנעמען, וואָלט דאָס ניט פּאַסירט!

איך האָב אים ניט געענטפערט. איך האָב געפילט, אַז אַלץ אין מיר איז ליידיק. און אַ גרויסע עלנדקייט האָט מיך אַרומגעכאַפּט.

מאָנק האָט מיך אָנגעקוקט און האָט אין דער פינצטער אַ זאָג געטאָן:

—מיר פאַרלאָזן אין דערפרי. סינגאַפּור איז אונדזער ערשטע לאַנדונג. כאַפּ אַריין אַ פּאָר שעה שלאָף. דערנאָך אין „אינדזשין רום" בחור.

ער איז שנעל אַוועק פון מיר. ניט געוואָלט אַז איך זאָל אים עפּעס פרעגן...

# דזשעסי און לאָראַ

די באַרזשע איז געווען אָנגעלאָדן מיט אַלערליי שמאַכטעס ביז צום פּלאַצן. שוין עטלעכע טעג, אַז מיר זיינען געווען פאַראַנקערט ביים־ברעג. מיר האָבן געוואַרט אויף דער שלעפּ־שיף, וועלכע איז ניט געקומען. דער־ווייל בין איך געבליבן צוגעבונדן און זיך ניט געקענט רירן פון אָרט. פון צייט צו צייט זיינען באַקאַנטע געקומען און פאַרבראַכט דעם אָוונט צוזאַמען. מיר פלעגן טרינקען, זינגען, און דערהויפּט ריידן ביז אין טאָג אַריין. די לעצטע פּאָר טעג בין איך געווען אַליין. עס איז מיר געווען אומעטיק. עס איז מיר דערעסן געוואָרן אַזאַ לעבן. האָב געפילט ווי זיך צוריק אָנדינגען אויף א פראַכט־שיף, נאָר איך האָב געטראַכט, אַז די באַרזשע איז פאַרט אַ היים, און איך האָב שוין לאַנג קיין היים ניט געהאַט.

געוואוסט האָב איך, אַז לאַנג וועל איך דאָ ניט בלייבן. מיינע אויגן פאַרבלאַנדזשען אַלע מאָל צום האָריזאָנט. ווען וואָלקנס שוועבן איבער מיין קאָפּ, ווערן מיינע אויגן נאַס. איך טראַכט אַלעמאָל וועגן ערגעץ־לאַנד, ערגעץ וואַרט אויף מיר אַ נייע וועלט; ערגעץ איז דאָ אַ פּלאַץ, נאָך וועלכן מיר אַלע בענקען.

מיין קערפּער איז געווען שטאַרק ווי אייזן. מיין האַרץ — ווי אַ דורכ־זיכטיקער וואָלקן. קיינער וואָלט ניט געגלויבט ווי גרינג איך בין געווען אויף טרערן. איך האָב אַליין ניט געוואוסט, וואָס איך וויל, אָדער וואָס צו טאָן מיט זיך.

* * *

איך האָב דערזען זיין שאָטן נאָך איידער איך האָב אים געזען. ער האָט זיך אָנגעהאַלטן ביים שטריק און זיך געשאַרט אַרויף, אָטעמענדיק שווער. איך האָב געהערט זיין שטים. ער האָט אַריבערגעשריען דעם שטורעם: „מאַיק, וואו, צו אַלדי טייוואָלים, ביסטו? קום און העלף מיר אַרויפקריכן אויף דעם פאַרפוילטן מולטער! דער ווינט איז שטאַרקער פון מיר!”

איך האָב אים גענומען פאַר דער האַנט און אים אַריינגעפירט אין דער קאַבינע. „זעץ זיך, דזשעסי, און רו אָפּ דיינע אַלטע ביינער..."

— וואָס ווילסטו טרינקען, דזשעסי? ראָם? גוט. עס וועט דיר פאַר־ברענען דיינע קישקעס. דו טרינקסט ווי אַ קעמל, ברודער. דו ווילסט אַריינכאַפּן. עס וועט דיר גאַרניט העלפן, ווען דיין טאָג וועט קומען...

ער האָט זיך צעלאַכט און געוויזן זיינע ווייסע געזונטע ציין. אַפילו זיינע בלינדע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. דזשעסי איז געווען זייער אַלט. ער האָט זיך באַרימט אַז ער איז אַריבער אַ הונדערט. ער איז געווען אַ ריז, שוואַרץ ווי די נאַכט, מיט אַ האַרץ פון אַ קינד, און אַ פאַנטאַזיע פון אַ ציגיינער... ער האָט געקאָנט דערציילן די וואונדערלעכסטע מעשה־לעך. אַלע לעגענדעס זיינען געוואָרן אַנגעקליידט מיט דעם אָטעם פון לעבן — די ווערטער האָבן ווי פּערל זיך געשאָטן פון זיין מויל.

ער האָט געטרונקען פּאַמעלעך און געקוקט מיט זיינע בלינדע אויגן אויף מיר. איך האָב געהאַט דאָס געפיל אַז ער זעט מער ווי אַלע זעענדיקע. דער שטורעם האָט זיך אין דרויסן פאַרשטאַרקט. ער האָט אָנגעשפּיצט זיינע אויערן און זיך צוגעהערט לאַנג און שווייגנדיק. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן, געעפנט די טיר. דער ווינט האָט אָנגעהויבן רייסן זיינע קליידער און צעשויבערן ווילד זיינע האָר.

— וואו ביסטו, מאַיק? — האָט ער געפרעגט.

איך האָב אַרויפגעלייגט מיין האַנט אויף זיין אַקסל:

— אָט בין איך, דזשעסי! בעסער קום אַריין אין קאַבינע, איידער דער ווינט שלעפּט דיך מיט!...

— איך הער די שטימען פון מאָרגן, מאַיק. זיי זאָגן, אַז עס איז מיין לעצטע נאַכט אויף דער ערד. איך האָב לאַנג, לאַנג געלעבט. מיין צייט איז פאַריבער. מיין וועג איז געענדיקט. איצט וועל איך וואַנדערן אויף אַן אַנדער וועג. וואו ער וועט פירן, ווייס איך ניט. אָבער איך וועל קומען צו דיר, מאַיק, ווען דו וועסט מיר רופן. און ווען דיינע טעג וועלן אויסגיין, וועל איך וואַרטן אויף דיר, און דיך נעמען פאַר דער האַנט און פירן אין דער אייביקייט...

איך האָב אים אַרונטערגעפירט פון שיפל. ער איז געגאַנגען שטאָלץ און זיך ניט געבויגן פאַר דעם ווינט. ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל גיין אַהיים שטאַרבן. ער וויל זיין מיט די, וועלכע זיינען אַוועק פאַר אים.

ער האָט געדריקט מיין האַנט און איז אַוועק אין דער נאַכט. איך בין געשטאַנען ביז די פינצטערניש האָט אים פאַרשלונגען. געטראַכט האָב איך, אַז דאָס איז איינע פון זיינע פאַנטאַזיעס, אַז איך וועל אים זען נאָך אַמאָל אין אַ פּאָר טעג — אָבער מער האָב איך אים ניט געזען. ער איז גע־שטאָרבן די זעלבע נאַכט און ליגט באַגראָבן אין פּאַטערס פעלד, די היים פאַר די היימלאָזע.

* * *

איך האָב געהאָפט, אַז דעם אָוונט וועט קיינער מער ניט קומען. געוואָלט זיין אַליין, זיך אַוועקלייגן מיט אַ בוך און לאָזן דעם ווינט מיך פאַרוויגן אין שלאָף. אין צימער איז געווען געמיטלעך וואַרעם פון קוילן־אויוון, און איך בין געשטאַנען אין מיטן פון דער קאַבינע מיט פאַרמאַכטע אויגן. איך האָב געוואוסט, אַז איך בין אַ סענטימענטאַלער נאַר; גע־וואוסט אַז איך מוז עפּעס טאָן זיך אַוועקצורייסן פון שיפּל און אָנהויבן וואַנדערן נאָך אַ מאָל.

איך האָב ניט געהערט איר עפענען די טיר. דער אייזיקער ווינט האָט זיך אַריינגעריסן אין צימער. איך האָב געעפנט די אויגן און זי דערזען שטייענדיק מיט דעם קינדערישן שמייכל אויף אירע ליפּן, און די ווייסע ציינער וועלכע האָבן אַרויסגעשיינט פון מויל.

— לאָראַ, — האָב איך קוים אַרויסגעזאָגט — גאָט, דו ביסט דער־פרוירן. קום צום אויוון און וואַרעם זיך אָן!

זי האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. איך האָב זי גענומען פאַר דער האַנט און זי געפירט און אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול.

— וואָס וועסטו טרינקען, לאָראַ? קאָפע? — גוט, איך וועל אַריינטאָן אַ פּאָר טראָפּנס ראָם. אין אַ פּאָר מינוט וועסטו זיך דערוואַרעמען... איך האָב געוואַרט ביז דאָס וואַסער איז געווען זייער הייס, דערנאָך באַשמירט ברויט מיט פּוטער און איר דאָס אַלץ צוגעטראָגן אין אַ טעלער. איך האָב אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך טו עפּעס. נאָר דורכן שפּיגל האָב איך געקענט זען, ווי זי שלינגט יעדן ביסן אַרונטער ווי אַ הונגעריקער וואָלף. איך האָב נאָך צוגעטראָגן מער ברויט און עס אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

איך בין אַרויס אַ ווײַלע אויפן דעק. ווען איך בין צוריקגעקומען, איז זי געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן און זיך ניט גערירט. איך האָב געקוקט

אויף איר און געשאָלטן די מענטשן און די גאַנצע וועלט — אַפילו צווישן הינט וואָלט דאָס ניט געקענט פּאַסירן.

לאָראַ איז נאָך ניט אַלט געווען קיין פופצן יאָר. איר קערפּער איז געווען באַדעקט מיט שמאַטעס, אירע בלאַנדע האָר ניט פאַרקעמט און איר בלייכער, אויסגעצערטער געזיכט האָט שוין געוויזן סמנים פון אַלט־ווערן. איך האָב ניט געוואוסט פון וואַנען זי קומט, אָדער ווער זי איז. זי האָט נאָר איין מאָל פריער זיך באַוויזן אויף מיין באַרזשע און איך האָב ניט געהאַט דאָס האַרץ זי אַוועקצושיקן. איך האָב אָבער געוואוסט, אַז איך קען האָבן אַ סך צרות פון דעם. זי איז געווען אַ מינדעריאָריקע. און דאָס געזעץ איז געווען זייער שטרענג אין אַזעלכע פאַלן.

לאָראַ, — האָב איך שטיל גערעדט, — דו קענסט דאָ ניט בלייבן; מענטשן קענען דאָס אויסטייטשן זייער שלעכט, און די פּאָליציי וועט מיר ניט דאַנקען פאַר דעם.

זי האָט ניט געעפנט די אויגן, און איך האָב ניט געוואוסט וואָס מען טוט מיט איר. אין דרויסן איז געוואָרן קעלטער, דער ווינט האָט גע־וואָיעט ווי טויזנטער וועלף. די באַרזשע האָט זיך געריסן ווי אַ הונט פון אַ קייט און איך האָב מורא געהאַט, אַז די קייבלס וועלן פּלאַצן. די פּיגצ־טערביש איז געוואָרן אַזוי דיק, אַז דו האָסט ניט געקענט זען דיין אייגענע נאָז. האָב געוואָלט גיין שלאָפן, אָבער איך האָב ניט געוואַגט דאָס צו טאָן. אין אַזאַ שטורעם ווייס קיינער ניט וואָס עס קען פּאַסירן. און דאָ אין מיטן איז לאָראַ, און איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, ניט געהאַט דאָס האַרץ זי אַרויסצוטרייבן אין גאַס אין אַזאַ נאַכט.

איך האָב באַשלאָסן: זאָל זיין וואָס עס וועט זיין, איך וועל זי לאָזן איבערשלאָפן די נאַכט. איך האָב געוואוסט, אַז מיין האַרץ איז גרעסער ווי מיין פאַרשטאַנד, אַז פון מיר וועט שוין קיינמאָל קיין לייט ניט זיין; אַז מיינע ביינער וועלן פאַרפוילט ווערן אין געפענקעניש, אַז מיין קערפּער וועט באַגראָבן ווערן אין פּאַטערס פעלד.

איך האָב גענומען לאָראַן אין מיינע אָרעמס און זי אַוועקגעלייגט אין מיין בעט. זי איז געווען הויט און ביין, לייכט ווי אַ שפּענדל און צוזאַמענגעקאָרטשעט ווי אַ פּעקל שמאַטעס. איך בין אַוועק צום פענצטער, אַרויסגעקוקט אין דער נאַכט אַריין, און איך האָב ניט געוואוסט, צי דער ווינט וויינט אין דרויסן, אָדער עפּעס וויינט אין מיין האַרצן.

# מיט הימלאָזע און אומגליקלעכע

די נאַכט וועט זיך שוין קיינמאָל ניט ענדיקן, — האָט זיך מיר געדוכט. די פינצטערניש און די קעלט וועלן אייביק אָנהאַלטן. כ'האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב נאָך ערגעץ שוועסטער און ברידער, וועלכע האָבן וואַרעמע היימען און פאַרשנייטע ביימער אַרום הויז. איך האָב געטראַכט וועגן מיין טאַטן, וועלכער ליגט אונטער אַ פאַרפרוירן בערגל ערד ערגעץ אין פּאָלעסיע. דאָרט איז אַמאָל מיין היים געווען. איך האָב מיין טאַטן זייער ליב געהאַט. ער איז די נאַכט געשטאַנען פאַר מיינע אויגן, ווי אין דעם טאָג, וואָס איך האָב פאַרלאָזן מיין שטעטל.

איך האָב ניט ליב געהאַט מיין מאַמען. זי איז געווען אַ פרעמדע אין מיין לעבן. איך האָב זי אויך ווייניק געקענט, ווייל זי איז געשטאָרבן זייער יונג. איך געדענק זי צום בעסטן פון די ווינטער־אָוונטן. איך פלעג שלאָפן אויף דער וואַרעמער הרובע. די פענצטער זיינען געווען וויס פאַרפרוירן. די שויבן — מיט פאַרשיידענע אוזאָרן. מען האָט ניט געקענט זען, וואָס טוט זיך אין דרויסן. מען האָט געהערט דעם גערויש פון די בייזע ווינטן, וועלכע האָבן אַריינגעבלאָזן דורך דעם קוימען אין הויז.

די מאַמע מיט די שוועסטער זיצן אַרום טונקעלן לאָמפּ און פליקן פעדערן. זיי שווייגן. זייערע פינגער באַוועגן זיך שנעל. זייער שטילקייט ווערט פאַרוועבט מיט דער נאַכט. אַלץ איז אַזוי מיסטעריעז און וואונדערלעך. שעהען־לאַנג פלעג איך ליגן אונטער דער קאָלדרע און נאָכפאָלגן זייער יעדע באַוועגונג. דאָס אַלץ איז געווען מיט אַ לאַנגער צייט צוריק. און אפשר האָט דאָס קיינמאָל ניט פּאַסירט ?... איצט האָב איך זיך געפילט ווי אַ הימלאָזע קאַץ, וועלכע וועט קיין היים מער ניט האָבן.

* * *

ניק האָט גערעדט צו מיר מיט צאָרן, געגעבן אַ שפּיי אין דער פינצטערניש : „אַנאַר דו קרעכצסט! ליג שטיל, לאָז אַנטשלאָפן ווערן. דו האָסט נאָך געדאַרפט זיין ביי דיין מאַמעס פאַרטעך און זיך שפּילן מיט

אירע ברוסטן! וואָס, צום שוואַרץ יאָר, טוסטו דאָ אין דער פאַרשאָלטענער לאָך ?..."

איך האָב אים ניט געענטפערט. עס איז מיר געווען שווער אויפן האַרצן און קאַלט ביז פאַרפרוירן ווערן. דער ווינט פון איסט־ריווער האָט געריסן די ווענט פון דער אַלטער געביידע. איך בין געלעגן איינגעוויקלט אין אַלטע צייטונגען, אָבער דאָס האָט מיר ניט געהאָלפן. מיינע געדאַנקען זיינען ניט געווען קיין פריילעכע. איך האָב איינגעאָטעמט פינצטערניש און זיך איינגעהערט צום וואָיען פון ווינט אין דרויסן.

אַ סך היימלאָזע האָבן אָנגעפאַקט די קאַמער. עס איז געווען איינער פון די צימערן פון אַ פאַרלאָזטער פאַבריק. שטויב און שפּינוועב און עלנט האָבן אָנגעפילט די ווענט. אַמאָל איז דאָ געווען פול מיט שטאָלענע מאַשינען. אָבער איצט איז געווען ליידיק און פּוסט. די פענצטער זיינען געווען צעבראָכן און דער ווינטער־ווינט פון טייך האָט געבושעוועט. אַ הייזעריקער אָטעם האָט געבלאָזן צווישן די פּוסטע ווענט.

אונדזער קאַמער איז געווען אַ קלענערע. קליינע פענצטערלעך ביים דאַך. עס איז געווען אַביסל וואַרעמער ווי אין די אַנדערע גרעסערע קאַמערן. מען האָט ניט געקענט זען דאָס עלעקטרישע ליכט פון דרויסן, נאָר מען האָט געהערט דאָס קלאַפּן פון די כוואַליעס אָן דער הילצערנער פּלאַטפאָרמע, דאָס געשריי פון די שלעפּ־שיפלעך און די באַרזשעס. מען האָט געהאַט דעם געפיל, אַז מען וועט דאָס ליכט פון טאָג קיינמאָל ניט זען.

שלאָפן האָב איך ניט געקענט, האָב איך געטראַכט: געווען אַמאָל אַ טאַטע, אַ מאַמע, שוועסטער און ברידער, — זיי זיינען מער ניטאָ! געווען טייכן און וועלדער, גערטנער און פעלדער: אַ שטוב מיט אַ שטרויענעם דאַך, אַ קאַלטע שול, שבת־ליכט און גאָטבעטען! — זיי זיינען מער ניטאָ. פאַרלאָזט די היים מיט דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן, און די קינדערשע וועלט איז פאַרשוואונדן. איצט אַ קאַלטע פאַרפרוירענע קאַמער, איבערגעפילט מיט היימלאָזע; קראַמפּן פון הונגער פענצטערלעך ביים סטעליע, און דער געשריי פון ווינט און וואַסער.

אַ פאַרגליווערטע פינצטערניש. די באַוועגונג פון קערפּערס. עמעצער וויינט, איך ווייס ניט ווער. וואָס מאַכט דאָס אויס? די מערסטע פון זיי זיינען באַמענלאָזע. זיי האָבן אפשר שוין אַליין פאַרגעסן זייער שטאַם.

דער נעכטן האָט זיך אויסגעבלייכט. קיין מאָרגן איז ניטאָ. אַלץ איז דאָ אויסגעגלייכט. ניטאָ קיין קלאַסן, קאָלירן, יונג און אַלט: דער וועג פאַר זיי אַלעמען איז דער זעלבער. ער פירט אין ערגעץ ניט.

דזשאָזעף איז געלעגן ביי מיין רעכטער זייט. איך האָב אים ניט געקענט זען אין דער פאַרגליווערטער פינצטערניש. איך האָב אָבער געוואוסט, אַז זיינע טעג זיינען געציילטע.

ער האָט געדאַרפט גיין אין אַ שפּיטאָל, און האָט ניט געוואָלט הערן דערפון: „אַזוי געלעבט, אַזוי שטאַרבן", פלעגט ער זאָגן. „צו וואָס פאַרלענגערן די טעג?... צו וואָסערע כאַליערעס דאַרף איך דאָס האָבן?"

אויסגעקוקט האָט דזשאָזעף ווי אַ הייליקער: ווייסע האָר, אַ ווייסע הויט, אַ לאַנגער האַלדז און בלוטלאָזע ליפּן. די אויגן טיפע, ליכטיקע, פול מיט פיבער. זיינע אָרעמס — דאַרע, און פון די הענט האָבן די אָדערן אַרויסגעסטאַרטשעט. דער טויט איז איצט געווען זיין שטענדיקער באַגלייטער.

— דזשאָזעף, — האָב איך גערופן, — קען איך עפּעס טאָן פאַר דיר?...

אַ רגע האָט ער ניט געענטפערט. איך האָב נאָר געקענט הערן זיין שווערן אָטעמען. אַ כריפּען איז אַרויסגעקומען פון זיינע לונגען, ווי פון אַ פאַרזשאַווערטער טיר. טרערן האָבן מיך געשטיקט אין האַלדז. מיט אַ מאָל איז ער שטיל געוואָרן. איך האָב געפילט ווי דער טויט האָט זיך אַריינגעריסן אין קאַמער. מיין גאַנצער קערפּער האָט געציטערט: איך האָב אָנגעהויבן שרייען: „ניק! דזשאָזעף איז טויט!" איך האָב אַלעמען אויפגעוועקט מיט מיין שרייען... מיר האָבן גאָרניט געקענט טאָן אין דער פינצטער — האָבן מיר געוואַרט אויף דעם פרימאָרגן.

דזשאָזעף איז געווען טויט. די ערשטע ליכט־שטראַלן פון פרימאָרגן האָבן באַלויכטן די קאַמער. עטלעכע היימלאָזע האָבן שטיל פאַרלאָזן זייערע ערטער. שפּעטער זיינען מער פאַרשוואונדן. מיר זיינען געבליבן נאָר פיר. מיר האָבן געדאַרפט באַשליסן וואָס צו טאָן מיט דעם קערפּער. ניק האָט פאָרמולירט דעם באַשלוס: „מיר קענען ניט רופן די פּאָליציי. זיי וועלן פרעגן צו פיל פראַגעס. עס וועט זיין די ענדע. מיר וועלן אַהער מער ניט קענען קומען. וואָס איז דער אונטערשייד צווישן פּאַטערס פעלד און דעם איסט ריווער?... פאַר דזשאָזעפן איז אַלצאיינס."

מיר האָבן ניט געוואַרט ביז עס וועט ווערן ליכטיק. צוגעבונדן אַ

שטיק אייזן צו זיינע פיס, אַרונטערגעטראָגן די אייזערנע שטיגן, און זיך געשאַרט ווי שאָטנס צום ברעג פון איסט ריווער. ניק האָט עפּעס געשעפּטשעט אין דער שטיל. מען האָט קיין וואָרט ניט געקענט הערן. און ערשט ווען מיר האָבן אַרונטערגעלאָזן דעם קערפּער אין וואַסער, האָט ער פאַרמאַכט די אויגן און די טרערן האָבן גערונען איבער זיינע באַקן.

* * *

דעם טאָג, ווי אין אַ סך פריערדיקע טעג, האָב איך קיין אַרבעט ניט געקראָגן. בין איך אַוועק צו דער „סאַלוועישאַן אַרמיי" קריגן אַביסל שפּייז, טרינקען אַ הייסע קאַווע, און הערן אַ געזאַנג פאַר יעזוסן. די צימערן זיינען געווען אָנגעפּאַקט מיט היימלאָזע, וואָס האָבן געהאַט קראַנקע מאַגנס און אומגעוואַשענע קערפּערס. דער גערוך פון ביליקע שנאַפּס האָט ניט געהאָלפן דער לופט פון צימער. אַן אַנדערש מאָל וואָלט איך געווען אַנטלאָפן — אָבער אין דעם טאָג בין איך געווען צו מיד אַפילו זיך צו רירן. חוץ דעם, — וואו גייט מען? וואו טוט מען זיך אַהין ?... בין איך געזעסן מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און געדרימלט.

דער געדאַנק צו גיין צוריק צו דער געבידע ביים „איסט ריווער" האָט מיך געשווינדערט ! האָב איך ניט געוואָלט גיין אין די שטאָטישע לאָדזשינג־הייזער פאַר היימלאָזע. איך האָב אָבער געמוזט גיין... דער אָוונט איז שוין געקומען — וואָס האָב איך געקענט טאָן אויסער גיין צוריק אַהין ?

בין איך צוריקגעגאַנגען. ס'איז געווען זייער קאַלט. וואָס נענטער איך בין געקומען צום איסט ריווער, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן דער הייזעריקער ווינט. דורך דעם טאָג האָב איך אויסגעבעטן אַ פּאָר סענט און באַשלאָסן צו כאַפּן אַ טרונק שנאַפּס און זיך אַביסל אָנוואַרעמען. איך האָב געוואוסט, אַז די נאַכט וועט זיין זייער אַ לאַנגע פאַר מיר, און אַז דזשאָזעף וועט אַרויסקריכן פון איסט ריווער און דאָס שמוציק געל וואַסער וועט טריפן ווי טרערן פון אים ער וועט קומען אין דער זעלבער קאַמער און וועט זיך לייגן לעבן מיר און איך וועל הערן זיין כריפּענדיקן אָטעמען....

קיין סך מענטשן זיינען אין סאַלון ניט געווען. אַן אָרעמע געגנט. די הייזער אָפּגעקראָכענע, מיט פענצטער פאַרשטויבטע און צאַנקענדיקע ליכט. אַזוי זיינען געווען די מענטשן, אָרעמע, אָפּגעלאָזענע און פאַרהונגערטע. אַזוי די מענטשן אין סאַלון. עס איז ניט געווען וואָס צו טאָן און וואו צו גיין. איך האָב אויסגעטרונקען אַ גלעזל ראָם און געטראַכט, ווי גוט

עס וואָלט געווען צו פאַרברענגען אַזוי די נאַכט, שלאָפן זיצנדיק אין וואַרעמען סאַלון ביז דאָס ליכט פון טאָג וועט אַריינדרינגען דורך די פאַרשטויבטע שויבן.

איך בין אַנטדרימלט געוואָרן. דער אייגנטימער פון סאַלון איז ניט געווען ביז אויף מיר ווען ער האָט מיך אויפגעוועקט מיט זיין שווערער האַנט אויף מיין אַקסל, און שטיל אַ זאָג געטאָן: „דאָ איז ניט קיין פּלאַץ צו שלאָפן. פאַרוואָס גייסטו ניט אין אַ שטאָטישן אַנשטאַלט? דו ביסט אַזוי יונג, זיי וועלן געפינען פאַר דיר אַ פּלאַץ". דערנאָך האָט ער זיך בייז צעשריען: „די כאַליערע זאָל כאַפּן די 'גרעפּטערס'. ניטאָ קיין פּלאַץ אַפילו פאַר קינדער: אַלץ נעמען זיי פאַר זיך, אַ קראַמף זיי אין די ביינער!" און ווי ער וואָלט זיך פאַרשעמט, איז ער שנעל אַוועק פון מיר.

איך בין ווידער געווען אין גאַס. דער ווינט האָט אַביסל אָפּגעלאָזן. קען זיין, אַז דער ראָם האָט מיך געוואַרעמט. איך האָב געזוכט אַ קאָרידאָר וואו איך וועל קענען איבערשלאָפן די נאַכט. מיך האָט ניט געאַרט אויב איך זאָל איינשלאָפן אויף אייביק. זאָל פאַסירן דאָס ערגסטע! — איך האָב ניט געוואָלט מער לעבן.

גיי איך איבער די גאַסן אָן אַ ציל, ווייס אַפילו ניט וואו איך געפין זיך. אַ שטילע גאַס מיט שיינע, ליכטיקע הייזער. די וואַרעמקייט שמעקט אַרויס פון זיי. פּרוביר איך עפענען די טירן. אַלץ איז פאַרשלאָסן. כאָטש גיי און ווער פאַרפרוירן. בין אָבער געווען צו ווייט פון דער געביידע לעבן איסט ריווער. אין דעם צושטאַנד וועל איך שוין אַהין ניט דערגיין. האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף די דרויסנדיקע שטיגן פון אַ פּריוואַטן הויז. פּלוצלינג האָב איך אָנגעהויבן פילן וואַרעמער. דערנאָך — אַ העלע ליכטיקייט אין קאָפּ. אַ מיליאָן ליכט שטראַלן האָבן געטאַנצט פאַר מיינע אויגן. דערנאָך — אַ זיסע באַוואוסטלאָזיגקייט.

איך האָב פּאַמעלעך געעפנט די אויגן און דערזען: אַ גרויסער צימער באַלויכטן מיט בלוי ליכט, אין די ווינקלען טראָפּישע פלאַנצן, רייכע בילדער אויף די ווענט. ווייכע טעפּיכער אונטער די פיס, אַ האַלבע וואַנט מיט ביכער פאַליצעס... איך זיץ אין אַ ווייכן שטול מיט אַ בענקעלע אונטער די פיס, צוגעדעקט מיט אַ וואַרעמער קאָלדרע.

עס מוז שוין זיין שפּעט ביינאַכט. דורך דעם גרויסן פענצטער זעט מען נאָר איין צאַנקענדיק ליכט. איך שרעק זיך אַ ריר צו טאָן! איך

טראַכט, אַז דאָס אַלץ וועט באַלד פאַרשווינדן ווי אַ מיראַזש. און אפשר איז שוין נאָך אַלעמען? אפשר איז מיין לעבן פאַרענדיקט און דאָס אַלץ איז די לעצטע האַליצינאַציע פון טויט.

*　*　*

זי איז אַריין אין צימער מיט דריבנע טריט. זי איז געווען אַ יאָר פערציק, אפשר אַביסל יינגער. מיט גלייכע, שוואַרצע האָר, פאַרקעמט אויף אַרויף און פאַרבונדן אויף הינטן מיט אַ רויטער סטענגע. אַ לאַנג טונקל געזיכט. אירע ליפּן ווי אַ בלוטיקער שפּאַלט. וועלפישע קליינע ציינער, ווייס ווי שניי. זי האָט אויסגעקוקט העכער ווי זי איז. אַ פלאַכע ברוסט, מיט לאַנגע, דינע אָרעמס. איר גאַנצע פיזיאָנאָמיע האָט אויסגע־דריקט עפּעס אומבאַשטימטעס. עפּעס אַ מורא האָט מיך אַרומגעכאַפּט קוקנדיק אויף איר.

זי האָט געגעבן אַ פּראַסטיקן שמייכל. די ליפּן האָבן זיך ניט געעפנט. נאָר די קאָנטור פון איר געזיכט האָט זיך געענדערט, ווען זי האָט גערעדט. האָסט געפילט, אַז זי רעדט ניט צו דיר, נאָר צו עמעצן, וועלכער ליגט באַהאַלטן אין ערגעץ: „וואונדערסט זיך וואָס דו טוסט אין מיין הויז?...״

זי האָט אַ קאַלטן לאַך געטאָן: „איך האָב דיך געפונען אַ האַלב־פאַר־פרוירענעם ביי מיין שוועל. ס׳שוואַרץ יאָר ווייסט פאַרוואָס כ׳האָב דיך אַריינגענומען אין הויז! גוט וואָס יאָהאַן האָט מיר געהאָלפן, אַניט וואָלט איך דיר געלאָזן פאַרפרוירן ווערן...״

איך שטימע איז געווען אָן געפיל. עס איז ניט געווען קיין לעבעדיקער אָטעם אין אירע ווערטער. איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און זיי פאַמעלעך צוריק געעפנט. זי איז געשטאַנען אַ באַוועגלאָזע און געקוקט אויף מיר. עס איז ניט געווען קיין אויסדרוק אויף איר געזיכט. אַ מאָמענט שפּעטער איז זי אַרויס פון צימער ניט־זאָגנדיק קיין וואָרט. זי איז צוריק געקומען מיט אַ טאַץ שפּייז, צווויי גלעזלעך סקאַטש, דאָס אַוועקגעשטעלט אויף אַ קליין טישל און זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם טעפּיך לעבן מיר. זי האָט אויסגעקוקט ווי אַ קליין קינד, וואָס זיצט לעבן די פיס פון איר טאַטן.

איך בין געווען שמוציק. ספּעציעל אין קעגנוואַרט פון איר. זי איז געווען אַזוי זויבער און אַרומגעוואַשן. איך האָב געבעטן, זי זאָל מיך לאָזן צוערשט זיך אַרומוואַשן. איך בין צוריקגעקומען און זי איז נאָך אַלץ געזעסן אין דער זעלבער פּאָזע, ווי זי וואָלט זיך פון אָרט ניט גערירט.

כ׳האָב געגעסן אָן אַפּעטיט, און זי האָט געשוויגן. זי האָט אַוועקגענומען די טאַץ מיט די איבערגעבליבענע שפּייז און איז צוריקגעקומען מיט פרישע וועש און זיידענע נאַכט־קליידער. זי האָט מיט דער זעלבער געפּיללאָזער שטימע אַ זאָג געטאָן: „דאָס אַלץ איז מיין מאַנס. ער איז דערהרגעט געוואָרן אין לעצטן קריג. ער וועט שוין ניט קומען צוריק; דו קענסט האָבן אַ טייל פון זיינע קליידער און אַ וואַרעמען מאַנטל — דו וועסט ביי מיר איבערשלאָפן די נאַכט און מאָרגן וועלן מיר זען.״

עס איז געווען די פיינסטע בעט, וואָס איך האָב געהאַט אין מיין לעבן. די ציכן האָבן געבלענדט מיט ווייסקייט. אַ זיידענע קאָלדרע, וואַרעם און גלעטנדיק. די לאָמפּן מיט בלויען ליכט. די ווענט דעקאָרירט מיט טאַנצנ־דיקע פיגורן. אויף די ווענט דעקאָראַטיווע לאַנדשאַפטן פון ווייטע לענדער. די שטילקייט איז געווען ווי ווייכע מוזיק אין מיינע אויערן און האָט מיך איינגעוויגט. איך בין געווען טויזנט מייל פון דער ערד.

איך בין געלעגן מיט אַן אומרואיקער דערוואַרטונג. זי איז אַריין אין בעט, זיך ניט צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע. ניט געמאַכט קיין באַוועגונג זיך צו דערנענטערן צו מיר. אַ שטיקל פון איר נאַכט־קלייד האָט זיך פאַרקאַטשעט און איר נאַקעטע פוס האָט אַרויסגעשטעקט. זי איז געלעגן אויף דער זייט מיט איר געזיכט צו מיר. זי האָט זיך ניט באַוועגט. נאָר אירע אויגן האָבן געלויכטן און זיך געטונקלט אין אַ גרינעם פלאַם. עפּעס אומנאַטירלעכעס איז געווען אין איר בליק, וואָס האָט מיך אָנגעפילט מיט שרעק. איך האָב אַ רגע פאַרמאַכט די אויגן, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן: ווען איך האָב זיי נאָך אַ מאָל געעפנט, איז זי געלעגן אין דער זעלבער פּאָזע און געקוקט אויף מיר.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זי פאַרמאַכט די אויגן, און איך האָב געוואָגט זי אָנצורירן מיט דער האַנט. זי האָט זיך ניט גערירט. זי איז געווען קאַלט און פאַרגליווערט ווי דער טויט. איך האָב ניט געהערט איר אָטעמען און אַ גרויל האָט מיר אַרומגעכאַפּט: איך האָב געוואָלט אַנטלויפן. נאָר די שרעק האָט מיך פּאַראַליזירט און איך האָב זיך ניט געקאָנט רירן. געדאַנקען וועגן דזשאָזעפן אין דער געביידע לעבן איסט ריווער זיינען מיר געשטאַנען פאַר די אויגן.

* * *

פלוצלינג האָט זי געעפנט די אויגן און געקוקט אויף מיר ווי זי וואָלט

מיך קיינמאָל ניט געזען. איר געזיכט איז געוואָרן אויסגעקרימט. פון די ווינקלען פון די ליפּן האָט אַ סלינע גערונען: „גיי אין דער ערד אַריין, דו לויז! ריר מיך ניט אָן מיט דיינע שמוציגע הענט! נעם די קליידער און גיי צום שוואַרץ יאָר! איך וועל באַלד רופן די פּאָליציי און זיי זאָגן אַז דו האָסט זיך אַריינגעבראָכן אין מיין הויז און דו האָסט מיך פאַרגוואַלטיקט! גיי צו אַלע קלאָגן, דו באַסטאַרד!‟ נאָך דעם האָט זי אינגאַנצן צוזאַמענגעבראָכן און האָט אָנגעהויבן כליפּען.

איך בין שנעל אַרויס פון בעט און אָנגעהויבן זיך אָנטאָן. זי האָט געקוקט אויף מיר און האָט געהיט מיין יעדע באַוועגונג. אירע אויגן זיינען געווען ווי קוילן פייער. זי האָט געהאַלטן אין איין עפענען און פאַרמאַכן אירע ליפּן. האַלב אָנגעטאָן, ניט פאַרשנורעוועט די שיך, בין איך שנעל אַרויסגעלאָפן. איך האָב אַפילו די טיר ניט פאַרמאַכט, און הינטער מיר האָב איך געהערט אַ היסטעריש געלעכטער.

איך האָב דערגרייכט גרעמערסי פּאַרק און זיך אָפּגעשטעלט צו כאַפּן מיין אָטעם. איך האָב פאַרשפּילעט מיינע קליידער, פאַרשנורעוועט די שיך און באַטאַפּט זיי — אַלץ איז געווען פון דעם פיינסטן שטאָף! דער מאַנטל איז געווען אויסערגעוויינלעך. אַ רגע האָב איך זיך געפילט זייער געהויבן; אָפּגעווישט דעם קאַלטן שווייס פון פּנים, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און דערנאָך באַשלאָסן, אַז איך מוז פּטור ווערן פון די קליידער, ווייל דער שוואַרץ־יאָר ווייס וואָס זי קען טאָן... זי קען נאָך אינפאָרמירן דער פּאָליציי, אַז איך האָב זי באַרויבט.

בין איך אַרומגעגאַנגען אין די גאַסן ביז עס איז טאָג געוואָרן. דערנאָך אַוועק צו אַן אַלטן קליידער־הענדלער און אויסגעביטן די פיינע קליידער אויף שמאַטעס. יעדנפאַלס זיינען זיי געווען בעסער, ווי די זאַכן וואָס איך האָב איבערגעלאָזט אין איר הויז. די הויפּט זאַך: איך האָב באַקומען פינף דאָלער. אַזאַ סומע געלט האָב איך שוין לאַנג ניט געהאַט.

איך בין אַוועק אין אַ קאַפע לעבן דער אַכטער גאַס. באַשטעלט עפּעס עסן און הייסע קאַווע. ס׳איז מיר געוואָרן וואַרעם. מיין גאַנצע שטימונג האָט זיך געביטן. און דער קאָשמאַר פון דער פריערדיקער נאַכט איז פאַרשוואונדן. די זון האָט אַריינגעשיינט דורכן גרויסן פענצטער און אָנגעזאָגט אַ נייעם טאָג.

# פ ע פ י

פעפּי האָט אויפגעמאַכט די אויגן און געזען, אַז די גאַס איז באַדעקט מיט שניי. פון האָדסאָן האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט. עס איז נאָך געווען נאַכט און די שטערן האָבן באַלויכטן די ווייסקייט. ער האָט זיך צוגעהערט צו דעם שרייען פון די שיפן און צום געקלאַפּ פון די כוואַליעס אָן די הילצערנע פּירס.

פעפּי איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ סך צייטונגס־פּאַפּיר. ער איז געלעגן אונטער אַ בריקל פון אַן אַלטער געביידע און געפילט וואַרעם און באַקוועם. עס איז געווען ווי אַ באַזונדער חדר מיט ווענט פון דריי זייטן און מיט אַ גרויסער עפענונג אין דער פאָרטער זייט. זעלטן ווען דער ווינט אָדער דער שניי האָט דערגרייכט די עפענונג. חוץ דעם האָט אַ הייסע פּאַרע פון אַ גרויסער רער פאַרשפּרייט אַ געמיטלעכע וואַרעמקייט. אַמאָל פלעגט אַ היימלאָזער הונט זיך צוטוליען צו אים, און פעפּי האָט דעמאָלט געפילט אַזוי גוט ווי ער וואָלט געשלאָפןביים פייער פון זיין אייגענער היים.

פעפּיס נעכט זיינען געווען גוטע. דורך די נעכט האָט ער געקענט שפּינען זיינע חלומות אומגעשטערט. אונטערן בריקל האָט ער אויס־געחלומט זיינע האָפענונגען, געטראַכט וועגן דער צוקונפט. ער האָט געש־פּונען פאַנטאַזיעס וועגן ליכטיקע, זינגענדיקע מאָרגנס. אין יעדן זון־אויפ־גאַנג האָט ער געהערט פריידיקע טריט, דערשפּירט גרויסע דערוואַרטונגען — פעפּי האָט געוואוסט, אַז גאָט וואַכט איבער אים, ער דאַרף נאָר שטאַרק גלויבן, ער דאַרף גיין אין גערעכטע וועגן און זיי וועלן אים פירן צו ליכט און גליק.

פעפּי איז אַלט געווען אַ יאָר זעכצן. יעדנפאַלס אַזוי האָט ער גע־טראַכט. באַשטימט האָט ער גאָרניט געוואוסט: אַזוי פיל האָט שוין פּאַ־סירט אין זיין לעבן, זינט ער איז געקומען אויף דער וועלט. „ער האָט

געמוזט געבאָרן ווערן פון אַ שטיין", טראַכט פּעפּי. ער געדענקט ניט קיין טאַטן אָדער מאַמען. ער געדענקט עפּעס יאָ אַ הויכן מאַן מיט אַ שוואַרץ, גלאַנציק געשטופּלט פּנים, מיט פּעכיקע געקרייזלטע האָר און פאַררויכערטע אויגן. ער געדענקט ווי דער מאַן האָט געהאַלטן פּעפּין ביים הענטל און זיך געשלעפּט מיט אים איבער פרעמדע גאַסן. ער געדענקט ווי ער פלעגט זיך אַלע מאָל אויסבאַהאַלטן, זיך געשראָקן ווייזן פאַר מענטשן. ער ווייס ניט אויף זיכער, ווער יענער איז געווען. ער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט. ווער ער איז געווען !... אפשר געווען זיין טאַטע ?... גאָט ווייס.

דערנאָך איז געווען מאַלינדע. זי איז געווען אַזאַ פייניקע. ער איז געשלאָפן אין קאָרידאָר און זי איז געקומען שפּעט אַהיים. ער איז געלעגן הינטער די טרעפּ און זיך געשראָקן אַנטשלאָפן צו ווערן. די מיז האָבן ניט געלאָזן פאַרמאַכן די אויגן. ווען זי איז אָנגעקומען האָט ער זיך שטאַרקער צוזאַמענגעקנייטשט און מורא געהאַט צו אָטעמען. זי וואָלט קיינמאָל אים ניט געווען געפונען. אָבער זיין כריפּענדיקער הוסט האָט געריסן זיינע קישקעס. וויפיל ער האָט פּרובירט ניט צו הוסטן, האָט אים ניט געהאָלפן. האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט אויף אים. גענומען אים אין אירע אָרעמס און אַרויפגעבראַכט אין איר חדר. ער איז דעמאָלט געווען דאַר ווי אַ שפּענדל און צעשראָקן ווי אַ מויז. ער געדענקט ניט, ווי אַלט ער איז דעמאָלט געווען.

מאַלינדע איז געווען ניט יונג — ניט אַלט. דערצו איז זי געווען אַ ווייסע. ביזן היינטיקן טאָג קען ער זיך ניט אָפּוואונדערן, ווי אַזוי עס האָט געקענט פּאַסירן... אָבער זי האָט אים אַריינגענומען צו זיך אין הויז און זיך גאָרניט וויסנדיק געמאַכט, אַז ער איז אַ שוואַרץ־הויטיקער. זי האָט אים אַרומגעוואַשן און די נאַכט איז ער געשלאָפן מיט איר אין איין בעט. ער האָט זיך איינגענורעט אין איר ווייסן וואַרימען קערפּער.

ביי טאָג איז מאַלינדע געווען אין הויז. ביינאַכט אין די גאַסן. זי פלעגט יעדע נאַכט ברענגען אַ סך מענער אין הויז. זיך פאַרמאַכן אין איר חדר. אַרויסקומען אויסגעמוטשעט, זיך וואַשן און שפּייען, ווי עס וואָלט איר עפּעס ניט גוט געווען. פּעפּי האָט געהאַט אַ ווינקל אין קיך, ער פלעגט ליגן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און זיך וואונדערן וועגן דעם אַלעם. אַ סך מאָל האָט ער געהערט ווי מאַלינדע כליפּעט און בעט זיך ביי עמיצן. וואָס — האָט ער ניט געוואוסט.

אַזוי איז אַנגעגאַנגען אַ שטיק צייט, ביז איין טאָג איז זי מער אַהיים ניט געקומען. פּעפּי האָט אויף איר געוואַרט אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט. ער איז געזעסן אין דער פֿינצטער און זיך איינגעהערט צו יעדן שאָרך. ער האָט מורא געהאַט צו אָנצינדן דאָס ליכט, זיך געשראָקן צו אַנטשלאָפֿן ווערן. ער איז געלעגן איינגענורעט אין וויג־שטול און געוואַרט, און געוואַרט.

מאַלינדע איז צוריק ניט געקומען. עס איז געוואָרן אומהיימלעך אין חדר און שרעק האָט געגריזשעט זיינע ביינער. איז ער אַוועק אין גאַס. זיך געוואָלגערט אַ פּאָר טעג אין די קאָרידאָרן. דערנאָך באַשלאָסן גיין צוריק און זען, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט איר. די טיר איז געווען אָפֿן. דער ווינט האָט געבלאָזן פֿון אַ צעבראָכענעם פֿענצטער. אַלץ איז געווען ווי ער האָט עס איבערגעלאָזט. מאַלינדע איז מער אַהיים צוריק ניט געקומען.

נאָכדעם האָט ער זיך אַרומגעדרייט ווי אַ פֿרעמדער אויף דער וועלט: זיך אויסגעלערנט ווי זיך אויסדרייען פֿון דער פּאָליציי. געוואוסט ווי צו האַנדלען אַז קיינער זאָל גאָרניט פֿאַרדעכטיקן. אַמאָל בעסער, אַמאָל ערגער. טעג זיינען געקומען, טעג זיינען אַוועק. איז ניט געווען געבונג וואָס צו עסן? איז אויך גוט. ער האָט זיך שוין איינגעוואוינט מיט דעם אויך. יעדער האָט זיך זיין לעבן! גאָט באַשטימט אַזוי. ער האָט אַלע מאָל פֿאַרשטאַנען, אַז ער מוז אַכטונג געבן אויף זיך אַליין, זיין כיטרע און קריגן זיין שפּייז וואו עס לאָזט זיך.

און אַז מען איז אַמאָל הונגעריק, איז וואָס?... ווי שלעכט עס זאָל ניט זיין, וועט שוין עפּעס פּאַסירן און אַלץ וועט זיין נאָך אַמאָל גוט. הינטער יעדן וואָלקן איז דאָ די זון! — גאָט פֿאַרלאָזט קיינעם ניט. ניטאָ זיך וואָס צו זאָרגן. מען דאַרף לעבן ווי אַ פֿויגל. ברעקלעך קען מען אומעטום געפֿינען. אַזוי פֿיל מענטשן זיינען דאָ אויף דער וועלט. איז ער אויך דאָ! ער וועט זיין אַזוי לאַנג ביז גאָט וועט אים נעמען אין זיינע אָרעמס ווי אַ קינד און ברענגען אַהיים.

פּעפּי פֿילט, אַז ער איז שוין זייער אַלט. ער איז שוין באַלד זיבעצן. און ער פֿילט, אַז דאָס איז שוין אַ סך יאָרן. חוץ דעם איז ער שוין אַן אויסגעוואוקסענער. ניט זייער הויך, אָבער שטאַרק, פֿלינק ווי אַ האָז, קלוג ווי אַ פֿוקס. אַמאָל אַרבעט ער, פֿאַרדינט אַ פּאָר דאָלער, און פֿילט זיך ווי אַ פּרינץ. ער גייט אַריין אין רעסטאָראַן און גיט אַ זאָג שטאָלץ: „גיט

מיר אַ העם סענדוויטש!" ער עסט פאַמעלעך ווי אַ גראַף, טרינקט שוואַרצע קאַווע און האָט גרויס פאַרגעניגן: „אָ באָי, עס איז גוט צו זיין אויף דער וועלט!" און ווען ער באַצאָלט דעם קאַסיר איז ער זיכער, אַז אַלע קוקן אויף אים און באַוואונדערן אים.

פעפּי פאָדערט זייער ווייניק פון לעבן. ער האָט צו קיינעם קיין טענות ניט. זיכער קען זיין בעסער. אָבער אויב ניט איז אויך גוט. מען דאַרף דאַנקען גאָט פאַר דעם לעבן וואָס ער האָט אים געגעבן! וואָס די אויגן קענען קוקן אויף דעם הימל און די שטערן און דער גרינקייט פון די בוימער, די קאָלירן פון בלומען, די וואונדערלעכע וואַסערן, וועלכע ווערן פאַרלוירן אין דער ווייטקייט. ער האָט ליב צו באַטראַכטן די טויבן אין פאַרק, זוכנדיק שפּייז. עס גיט אים אַ פריידיקן געפיל, אַז אַלע אויף דער וועלט זיינען גאָטס קינדער, אַז פון זיין אָטעם זיינען מיר געבוירן געוואָרן, אַז אין האַרצן טראָגן מיר אַ טייל פון אים, אַ טייל פון זיין פרייד.

מאָדנע: פעפּי האָט קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן זיין שוואַרצער הויט. עס איז ניט מער ווי אײנער פון די קאָלירן אין דער נאַטור. בלומען, בוימער, וואַסער, שניי, רויט, געל, שוואַרץ. אַלץ איז אַ טייל פון זיין באַשאַפונג. גאָט האָט באַשאַפן אַ סך פרייד פאַרן אויג. פרייד און טרויער אין האַרצן. אַ בענקעניש נאָך ווייטע האָריזאָנטן. לעבן און טויט. געלעכטער און געוויין. טרוימען אוןווירקלעכקייט. אַ וואונדערלעכע גרויסע וועלט! עס איז אַזוי גוט צו לעבן.

פעפּי טראַכט, אַז ער האָט שוין לאַנג קיין גאַנצן טאָג ניט געאַרבעט. שוין צייט עפּעס צו טאָן. ער וועט גיין אין דער פרי צום פּרוכט־מאַרק און זען צי ער קען פאַרדינען געלט. ער מוז עפּעס אָנפאַנגען טאָן. עס בענקט זיך אים נאָך אַ דאַך איבערן קאָפּ. ער וויל זיך אַרומוואַשן מיט הייס וואַסער, אָנטאָן פרישע וועש, זיך אַוועקלייגן אין אַ בעט מיט אַ צודעק און עס זאָל זיין וואַרעם און באַקוועם. ער האָט שוין לאַנג ניט געהאַט אַזעלכע געדאַנקען. ער טראַכט, אַז עס איז מאָדנע אַזוי צו פילן. וואָס איז אַזוי שלעכט צו ליגן אונטערן בריקל? חלומען קען מען אומעטום.

אָבער נאָך דעמזעלבן טאָג האָט פעפּי געקראָגן אַרבעט אין פּרוכט־מאַרק. עס איז געווען שווערע האַרעוואַניע. אַ גאַנצן טאָג געשלעפּט קאַסטנס פּרוכט. געקראָגן באַצאָלט, איז ער אַוועק צו דער „אירי סטעישאָן" און זיך אַרומגעוואַשן. דערנאָך געקויפט אַ פּאָר וועש און אַ ביליק העמד.

באַצאָלט אַ דאָלער פאַר אַ חדר אין מילס האָטעל. שפּעטער פּאַמעלעך שפּאַצירט איבער די גאַסן און זיך געפילט זייער דערהויבן — וואָס פאַר אַ וואוילע וועלט!

עס איז געווען אַ מילדער אָוונט פון סוף מערץ. פּעפּי האָט געפילט, אַז באַלד קומט אָן דער פרילינג. גאָר אין גיכן וועט אַלץ זיך ענדערן. די בוימער אין בעטערי פּאַרק וועלן זיך צעבליען. די בלומען וועלן זיך אויס־פּוצן מיט אַ סך קאָלירן. אויך דער גערוך פון דעם וואַסער וועט זיך בייטן. די שלעפּ־שיפלעך וועלן זיך לייכט וויגן איבער דער בוכטע. די מעוועס וועלן פליען אין אַ קרייז און קראַקען.

דער צימער אין מילס האָטעל איז געווען וואַרעם און באַקוועם. ער האָט אַריינגעקוקט אין שפּיגל און זיך געפילט זייער געהויבן. ער איז געווען ריין, די האָר לייטיש פאַרקעמט און די אויגן האָבן געשיינט. ער האָט זיך באַטראַכט און זיך אַליין געפעלן געוואָרן. „פּעפּי", האָט ער גערעדט אין שפּיגל אַריין, „פּעפּי, דו ביסט אַ היפּשער יונג! שוין צייט צו טראַכטן וועגן ווערן אַ לייט. לעבן ווי אַנדערע מענטשן. און אפשר נעמען אַ ווייב און האָבן אַ קינד". ער האָט זיך אַליין צעלאַכט פון זיינע געדאַנקען. ער איז אַריינגעקראָכן אין דער וואַרעמער בעט, זיך איינגעדעקט מיט דער קאָלדרע און איז געלעגן אַ ווײַלע אין דער פינצטערניש מיט אָפענע אויגן. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז ער אַנטשלאָפן געוואָרן און זיך אויפגעכאַפּט ווען די זון האָט שוין אריינגעשיינט אין די פענצטער.

ער איז געלעגן אַ פּאָר מינוט און זיך ניט געאײַלט אויפצושטיין. פּעפּי האָט אָבער געוואוסט, אַז לאַנג ליגן אין בעט וועט ער ניט קענען. „דעם צימער מוז מען אָפּליידיקן אַרום ניין אַזייגער אין דער פרי", האָט ער געטראַכט. „מען דאַרף אויפשטיין". ער האָט נאָך געהאַט אַ פּאָר סענט, און נאָענט דערביי איז געווען די אויטאָמאַט־קאַפעטעריע, וואו די קאַפע איז געשמאַק און הייס. ער וועט נעמען אַ בולקע מיט פּוטער, זיצן אַביסל און דערנאָך זיך אַרויסלאָזן אויף גאַס וועלט. עס איז גוט וואָס פרילינג איז שוין אויף דער וועלט. באַלד וועט די גאַנצע ערד זיך צעבליען. מילדע ווינטן וועלן בלאָזן פון דעם וואַסער און די זון וועט וואַרעמען אַפילו די קאַלטע שטיינער, און עס וועט זיין פריילעכער אויפן האַרצן.

פּעפּי האָט דעם טאָג ניט געזוכט קיין אַרבעט. ער האָט הויפּטזעכלעך פאַרבראַכט אַרום סאַוט פערי, געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן אַ פּאַרענטשל און

געקוקט אויפן וואַסער, וואָס איז געווען באַזילבערט פון דער זון. ער איז געזעסן אין בעטערי פּאַרק און געדרימלט.

אַז דער טאָג איז אַוועק, איז געוואָרן קילער. דער אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן רייסן פון וואַסער. קיין געלט האָט ער מער ניט געהאַט. געגעסן האָט ער מער ניט ווי אין דער פרי. שלאָפן וועט ער שוין מוזן אונטערן בריקל אויף דער נאַקעטער ערד. צ׳ם ערשטן מאָל אין אַ לאַנגער צייט האָט פּעפּי געפילט, אַז דער אומעט רייסט זיך אַריין אין זיין האַרצן. אַ שווערער געפיל פון טרויער האָט אים אַרומגעכאַפּט און אים גערירט ביז טרערן. „איך, פּעפּי, דער שוואַרצער ממזר, בין אַליין אין אַ פרעמדער פיינטלעכער וועלט. פרעמד פון גאָט, פרעמד פון מענטשן. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן, אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ און געוויינט אָן טרערן.

פּעפּי איז, ווייזט אויס, איינגעשלאָפן. ער ווייס ניט ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט. אַ קאַלטער ווינט האָט זיך געטראָגן פון וואַסער. ער האָט זיך קוים געקענט באַוועגן. זיינע גלידער זיינען געווען שטייף און פאַרפרוירן. דער הימל איז געווען פאַרכמאַרעט און די וואָלקנס, ווי ים־פויגלען, האָבן געשוועבט און פאַרשטעלט די שטערן. ער איז געגאַנגען פּאַמעלעך. די פיס האָבן זיך קוים גערירט. עס איז אים געווען קאַלט און געטראַכט האָט ער, אַז ער מוז זיך צואיילן צו דערגרייכן דאָס בריקל, זיך איינוויקלען אין צייטונגס־פּאַפּיר, זיך צושטופּן צו דער וואַרעמער רער און געמיטלעך איבערשלאָפן די נאַכט. אין דער פרי וועט די זון שיינען נאָך אַמאָל און ער וועט זיך פילן כריש און פריילעך.

אָבער ווען פּעפּי האָט זיך אַרומגעוויקלט אין דעם צייטונגס־פּאַפּיר און זיך אַוועקגעלייגט ביי דער וואַרעמער רער, האָבן זיך מאָדנע געדאַנקען געשפּאַרט אין קאָפּ און קיין שלאָף איז ניט געקומען. די ביינער האָבן אים ווי געטאָן און דער גאַנצער קערפּער איז געווען פיבערדיק. די אויגן האָבן געברענט און זיך געשפּאַרט פון קאָפּ, און אַ גרויליקע שרעק האָט אים אַרומגענומען. עפּעס איז ניט ווי עס דאַרף צו זיין! ער האָט זיך קיינמאָל אַזוי ניט געפילט. דעם ערשטן מאָל אין זיין יונג לעבן פילט ער זיך פאַר־לאָזן, עלנט און צעשראָקן. ער ווייס אַליין ניט וואָס דאָס איז. זיינע געדאַנקען זיינען שאַרפע, שפּיזיקע. אַלץ איז אַזוי ליכטיק און קלאָר.

פּעפּי האָט געפילט הייסע און קאַלטע כוואַליעס באַדעקן זיין קערפּער.

די אויגן האָבן געברענט מיט פיבער. זיינע אויערן זיינען געוואָרן אַזוי סענסיטיוו, אַז יעדער שאָרך האָט געדונערט. ער האָט געפילט, אַז אין זיין קאָפּ פאָרן אַרום אַ הונדערט קאַרעטעס. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז מער ניט אונטערן בריקל, נאָר ערגעץ אַנדערש וואו. אַ ווייסע בעט, אַ גרויסער פענצטער, אַ קראַנקען־שוועסטער מיט אַ גרויסן צלם אויפן האַרצן שטייט לעבן זיין בעט,האַלט זיין האַנט אין אירער. אירע ליפּן באַוועגן זיך און אירע אויגן זיינען פאַרמאַכט. דורך דעם פענצטער זעט ער אַ הימל מיט שטערן. דערנאָך דערפילט ער די באַוועגונג פון חדר, ווי שטילע כוואַליעס וואָלטן אים געוויגט, ווי גרויסע פליגלען וואָלטן געפאָכעט אין דער לופטן און אים געטראָגן צו די שטערן.

אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער שלאָפט שוין זייער לאַנג. אָבער ווען ער האָט געעפנט די אויגן האָט ער געזען אַז עס איז נאָך טיפע נאַכט. ער איז נאָך איינגעוויקלט אין דעם צייטונגס־פּאַפּיר, און דער זשומען פון דער פאַרע דורך דעם רער האָט אויפגעהערט. ער האָט מער ניט געפילט דעם פיבער, נאָר די ליכטיגקייט אין קאָפּ איז געבליבן. בילדער איינס נאָך דאָס אַנדערע זיינען געקומען אַן אַוועק. ער האָט ניט געוואוסט צי זיי זיינען ווירקלעכקייטן אָדער פאַנטאַזיעס! אָבער אים האָט ניט געאַרט וואָס עס זאָל ניט זיין. עס איז געווען אַזוי גוט צו טראַכטן, אַז אַמאָל איז אַזוי געווען.

עס איז געווען אַמאָל אַ הויז ביים ים. אַ הויז פון ברעטער און קליינע פענצטער. דער דאַך אַביסל אַ צעלעכערטער. ווען עס איז געווען אַ גרויסער רעגן, פלעגן טראָפּנס וואַסער אַראָפּקאַפּען פון סטעליע. די ווענט פלעגן ווערן פייכט און דאָס וואַסער, ווי טרערן־טראָפּנס, האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון די ווענט. אין הויז זיינען געווען אַ סך קינדער. זיי האָבן זיך גע־וואַלגערט האַלב־נאַקעטע זומער און ווינטער. ער געדענקט ניט זייערע נעמען. דער טויט איז געווען אַן אָפטער גאַסט אין הויז: געבאָרן גע־וואָרן — געשטאָרבן, איינס איז אַוועק — אַ צווייטס איז געקומען.

עלינאָר! אפשר איז דאָס געווען זיין מאַמע וואָס האָט אַלע מאָל געטראָגן אַ לעבן אין בויך. און אַלע מאָל געטראָגן די זעלבע שוואַרצע קלייד, ווען אַ קינד איז געשטאָרבן. ער געדענקט איר קיילעכדיק פּנים, איר שוואַרצע גלאַנציקע הויט, אין די אויגן אַן אָפּגרונט. ער קען זיך

ניט דערמאָנען ווער עס איז געווען דער מאַן אין הויז. מענער זייַנען געקומען און אַוועק. עס איז קיינמאָל ניט געווען קיין ענדע.

פּעפּי קען זיך ניט דערמאָנען ווי אַזוי עס איז געשען. איין נאַכט האָט עלינאָר געקראָגן גוואַלדיקע ווייטיקן. אין הויז איז קיינער ניט געווען אויסער די קינדער. פון אירע געשרייען האָבן זיך אַלע אויפגעכאַפּט און צעשראָקענע געשטאַנען אַרום איר און געוויינט. עס האָט געבושעוועט אין דרויסן. עלינאָר איז געלעגן אויף דער פייכטער פּאָדלאָגע און געריסן מיט אירע פינגער דעם בויך. ווייסער שוים האָט זיך געשפּאַרט פון אירע ליפּן. אירע אויגן זייַנען געווען ווי בלינדע פענצטער, וועלכע קוקן אין ערגעץ ניט. מיטאַמאָל האָט זי אָנגעהויבן וואַרפן מיט די הענט און פיס. איר קערפּער האָט אַ ציטער געטאָן. דערנאָך זייַנען אירע אויגן געוואָרן גרעסער, פול מיט שרעק, און צום סוף איז זי געבליבן אַ פאַרגליווערטע.

פּעפּי איז אַרויסגעלאָפן פון הויז און זיך באַהאַלטן פון רעגן הינטער אַ שיפּל. ער איז מער צום הויז ניט געגאַנגען. ער ווייס ניט וואָס עס איז געוואָרן פון די קינדער. ער ווייס ניט, צי זיי זייַנען געווען זייַנע שוועסטער און ברידער. איצט טראַכט ער, אַז עס איז שוין מער ניט וויכטיק: זיין לעבן איז ניט מער ווי אויסגעריסענע בלעטלעך פון אַ בוך, אַ צעבראָכענעס לעבן — ער ווייס ניט וואָס עס איז דער זין פון דעם אַלעם. — פון וואַנען ער קומט ?... וואָס מאַכט עס אויס ?! זיכער האָט ער געהאַט טאַטע־מאַמע; געהאַט חלומות און די חלומות זייַנען צערונען.

פּעפּי פּרובירט זיך אויפהויבן און קען ניט. עפּעס איז פּאַראַליזירט געוואָרן אין זיין קערפּער. ער קען זיך ניט רירן פון אָרט, פּונקט ווי די ערד וואָלט אים געהאַלטן געפּאַנגען. זיין קערפּער איז קאַלט, נאָר די אויגן ברענען מיט פיבער. ער ווייס, אַז עס מוז שוין זיין טאָג, אָבער ער זעט ניט קיין ליכט. געדיכטער נעפּל וויקלט אים אַרום. ער האָט דעם געפיל, אַז ער שוועבט אין וואָלקנס, אַז ער רייסט זיך אַוועק פון דער ערד, וואָס ער האָט אַזוי ליב. ער פילט זיך אַזוי הילפלאָז און אַליין! שטילקייט און שרעק פאַרפרירן זיין לייב. ער פילט נאָר די הייסע טרערן, וואָס ברענען זייַנע באַקן. ער וויגט זיך אין דער לופטן, אין דער אייביקייט...

# אין אַפּגרונט

דער צימער איז געווען גרויס און פייכט. די פענצטער זיינען געווען פאַרמאַכט און פאַרשטויבט. דער ווינט האָט אַריינגעבלאָזן דורך די ווענט. דער גרויסער אויוון, געהייצט מיט שטיקער האָלץ, וואָס מיר האָבן אויפגעקליבן ביים האַפן, האָט זייער ווייניק געוואַרעמט.

פרענק האָט זיך צעשריען אויף די היימלאָזע זיי זאָלן זיך אַפּרוקן פון אויוון. יענע האָבן באַטראַכט זיין ריזיקן קערפּער און די שווערע אָרעמס, וואָס האָבן אַראָפּגעהאַנגען, ווי שטיקער שטאָל, און זיי זיינען, איינער נאָכן אַנדערן, שטילערהייט אַוועק פון אויוון.

„זעץ זיך אַוועק, סאָקראַטעס", — האָט פרענק אַ זאָג געטאָן צו מיר. ער איז געווען פול מיט ביטערן הומאָר, וואָס פלעגט מיך אַלע מאָל איינפרעגן. דאָס איז געווען זיין שטייגער ווי אָפּצושפּאָטן פון מיין שרייבן. איך האָב זיך ווייניק וואָס געשראָקן פאַר אים. איך בין געווען אַ סך יינגער פון אים און שטאַרק ווי אַ בער. איך האָב געהאַט חשק צו געבן אים אַ זעץ אין מאָרדע, און אין האַרצן האָב איך זיך פאַרשוואָרן אַז ביי דער ערשטער געלעגנהייט זאָל איך אים איבערשניידן דעם האַלדז.

* * *

פרענק האָט געהאַט אַ פּעקל מיט שפּייז. די היימלאָזע האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן. אָבער קיינער האָט זיך ניט גערירט פון פּלאַץ. די שרעק פאַר פרענקן האָט די היימלאָזע ווי פּאַראַליזירט. זיין קוטשמע רויטע האָר, זיין ריזיק פּנים, די גרויסע שיינענדיקע אויגן, האָבן אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף אַלעמען. איך האָב געטראַכט: אָך און ווי ווען זיין צו אים, אויב זיי וועלן קריגן די אויבערהאַנט. איך בין געווען זיכער, אַז זיי וואָלטן אים צעשניטן אויף שטיקלעך.

פרענק האָט מיר געגעבן אַ טייל פון דעם עסן. איך בין געווען צו הונגעריק צו זען וואָס עס טוט זיך אַרום מיר. איך האָב נאָר אין זינען

געהאַט זיך אָנצושטאָפּן מיט וויפל איך קען נאָר. אַביסל שפּעטער האָב איך דערזען אַ ייִנגל, וואָס איז געשטאַנען ביי דער וואַנט און האָט גע־קוקט אויף אונדז מיט הונגעריקע אויגן. ער איז געווען הויך און דין, מיט לאַנגע אָרעמס. די קליידער — צו גרויס אויף אים, און זיינע ליפּן — פאַרטריקנט און שוואַרץ. עס האָט מיר פאַרקלעמט ביים האַרצן.

פרענק האָט אים אויך באַמערקט און ער האָט אויפגעהערט צו עסן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט אַ געצוואונגענעם שמייכל: „קום אַהער, הערקולעס, דו צעברעכסט מיר מיין האַרץ!" מיט שאַרנדיקע טריט איז דאָס ייִנגל צוגעגאַנגען צו אים. דעם ייִנגלס אָרעמס האָבן אַראָפּגע־האַנגען ווי פאַרדאַרטע צווייגן. עס איז ניט געווען קיין שום לעבן אין זיינע הענט.

— נעם דאָס ברויט און די וואורשט, — נאָר דערוואַרג זיך ניט מיט דעם! דו ביסט צו יונג צו שטאַרבן! כאָטש דו וועסט קיינעם ניט אויספעלן. קיינער וועט אויף דיין קבר ניט וויינען.

דאָס ייִנגל האָט גענומען אַ פּאָר ביסן און געבליבן שטיין. זיין קערפּער האָט געציטערט. ער איז אַוועק מיטן עסן אין אַ ווינקל פון צימער, אין דער טונקלקייט איז ער געבליבן שטיין האַרט ביי דער וואַנט און אָנגעהויבן וויינען. מיט די טרערן אין די אויגן האָט ער ווידער גענומען עסן. מיר אַלע האָבן געשוויגן און זיך באַמיט ניט צו קוקן אויף אים.

פרענק האָט אַ שפּיי געטאָן. אַן אַלטער בעגער מיט אַ געקרייזלט בערדל האָט אָנגעהויבן צו זינגען אַן אומעטיק ליד. עס איז געווען ווי אַ געשריי אין דער ווילדערניש; ווי דער געוויין פון פאַרבלאָנדזשעטע קינדער טיף אין וואַלד. דאָס זינגען האָט זיך אַריינגעריסן טיף אין האַרצן.

— פאַרמאַך דיין פּיסק, אַלטע כאַליערע! — האָט זיך פרענק צעשריגן. דאָס זינגען האָט געהאַט אויף אים אַ שווידערלעכע ווירקונג. זיין פּנים האָט זיך אויסגעקרימט. די אויגן האָבן אומהיימלעך געשיינט. ער האָט געהאַלטן אין איין עפּענען און פאַרמאַכן זיינע הענט. דערנאָך איז געוואָרן אַזאַ טויטע שטילקייט אין צימער, אַז עס איז געווען פּיינליך צו אָטעמען.

— אַ פּאַסקודנע לעבן! — האָט פרענק אַ שפּיי געטאָן.

אַן אַלטער מאַן, אַן איין צאָן אין מויל, אַ געזיכט מיט רויטע פלעקן, אַ האַלדז אויף וועלכן די אָדערן זיינען געווען אָנגעבלאָזן ביז צום פּלאַצן, האָט גערעדט הויך מיט אַ הייזעריק שטימעלע: „אַלע פרויען זיינען זונות!

צו וועלכע שוואַרצע יאָר האָבן זיי אונדז געבראַכט אויף דער וועלט? צו וואָס לעבן מיר?"...

אַן אַנדערער, אַ רויט־האָריקער מיט אַ פֿאַרשוואָלענעם פּנים און מידע אויסגעלאָשענע אויגן, האָט אָנגעהויבן דערציילן פֿון זיין לעבן. „איך בין געבוירן געוואָרן אויף אַ פֿאַרם אין ווערמאָנט. מיר האָבן געהאַט הינער, פֿערד און צוויי גרויסע הינט. מיין זיידע און אויך מיין טאַטע זיינען געשטאָרבן ביים אַקערן די ערד. זייערע קברים געפֿינען זיך אויף אַ באַרג, אַרומגערינגלט מיט בערעזע־ביימער. די פּראַצע, דאָס אַקערן, איז געווען אומזיסט! די מאַמע האָט ניט געקענט באַצאָלן דעם ‚מאָרטגעדזש'. מיר, די קינדער, האָבן געמוזט אַלץ איבערלאָזן און אַוועקוואַנדערן. איך בין פֿאַרלוירן געוואָרן אויפֿן וועג און קיינמאָל זיי מער ניט געזען"...

אַ באַסאָווע שטימע האָט אַרויסגעדונערט פֿון דער טונקלעניש: „איך האָב געאַרבעט אין שיקאַגע אין אַ „סטאָק־יאַרד". אַ גאַנצן טאָג בין איך געשטאַנען מיט אַ שפּיז און געקוילעט חזירים. מיין פֿאָטער האָט געטאָן דיזעלבע מלאכה, נאָך איידער איך בין געבוירן געוואָרן. חזירים שרייען ווי קינדער, זיי ווילן ניט שטאַרבן. אַ זעץ דעם שפּיז אַהער, אַ זעץ אַהין — און בלוט שפּריצט אויף דיר. דו קענסט מער ניט לעבן אָן דעם גערוך. איך האָב ניט געקאָנט שלאָפֿן, ווען איך האָב פֿאַרלוירן מיין דזשאָב. איך האָב ניט געטויגט צו עפּעס אַנדערש. די גאַנצע וועלט איז שטיל געוואָרן. אַזוי אויסגעבליכט איז געוואָרן מיין לעבן".

פֿון יענער זייט צימער האָט זיך געהערט אַ געשריי, און דערנאָך — אַ פֿאַרפֿרוירענע שטילקייט. עס האָט געקלונגען ווי דער לעצטער געשריי פֿון אַ מענטש אין שרעק פֿאַרן טויט. די שטילקייט, וואָס האָט נאָכגעפֿאָלגט, איז געווען שרעקלעכער ווי דער געשריי גופֿא. עפּעס האָט וויברירט אין דער לופֿטן און ווי אַ שווערד זיך געוויגט איבער אונדזערע קעפּ. איך האָב געפֿילט ווי דער טויט שוועבט צווישן די ווענט און קריכט מיט די פֿינגער אין מיין האַרצן.

און פּלוצים האָבן אַלע גערעדט אויף איין מאָל. ווי דאָס וואַסער פֿון אַ טייך, וואָס האָט אויפֿגעוואַכט, ווען דער ווינט הויבט אָן בלאָזן. אַלע האָבן געפּלאַפּלט און די ווערטער זיינען געווען פּוסטע. די רייד האָבן בלויז געהאַט אַ משוגענעם געמיש פֿון קלאַנגען.

עמעצער האָט געשריגן, אַז ער איז קריסטוס, אַז ער איז געקומען

אויסלייזן די וועלט. אַ צווייטער האָט געשאָלטן, גלאַט אַזוי זיך. איינער האָט אַ זעץ געטאָן אין פּיסק אַ צווייטן. אין לויף פונם גאַנצן טומל האָט זיך געהערט אַ הייזעריקע שטימע, וואָס האָט געקלאָגט: „גאָט, פאַרוואָס האָסטו מיך פאַרלאָזן? איך זוך דיך אין די בערג און קען דיך ניט געפינען, וואו ביסטו, גאָט? וואו ביסטו?" — דער דאָזיקער מאַן האָט זיך געראַנגלט מיטן כריפּעדיקן הוסט, וואָס האָט אים געפּייניקט. און מיטאַמאָל, ווידער אַ שרעקלעך געוויין: „גאָט, מיין גאָט, איך ווער דערשטיקט!"...

איך האָב פאַרמאַכט די אויגן און פּרובירט זיך צוהערן צום וואָיען פון ווינט. איך האָב געשאָלטן דעם טאָג פון מיין געבוירן, געשאָלטן דעם גאַנצן מענטשלעכן מין: איך האָב מער ניט געוואָלט לעבן, און ווידער זען דעם הימל מיט די שטערן. איך האָב געבעטן גאָט, אַז ער זאָל מיר שיקן דעם טויט.

איך בין געווען מיד און דורכגעפרוירן פון קעלט, און דער קאָפּ איז מיר געווען שווער. כ'בין געווען ווי אין אַ היבערפלעט. אַלץ אין מיר איז געווען פאַרשטיינערט. איך האָב געהערט שטימען, איך האָב פאַרשטאַנען די ווערטער, אָבער זיי האָבן מער גאָרניט געמיינט. עמעצער האָט הויך גערעדט: „דער טאָג וועט קומען, און גאָט וועט פאַרניכטן די ערד. עס וועט זיין אייביקע פינצטערניש. דער מענטשלעכער מין וועט מער ניט זיין. דעם מענטשנס נאָמען וועט אויף אייביק אָפּגעווישט ווערן פון געדעכעניש. גאָט וועט זיך פרייען מיטן מענטשנס פאַרניכטונג, פיל מער ווי אין יענעם טאָג, ווען ער האָט דעם מענטשן באַשאַפן..."

ווידער דער כריפּעדיקער אָטעם, ווידער אַ געשריי, אַז ער ווערט דערשטיקט. און ווידער אַ שטילקייט, וואָס שרייט מיט די העכסטע קולות. איך האָב געפילט אַ דראַנג צו אַנטלויפן, אָבער זיך ניט גערירט פון אָרט. איך האָב ניט געהאַט וואו צו גייץ, און וואו צו אַנטלויפן.

אין אַ ווינקל האָט אַ ייִנגל געוויינט, אַז ער ווערט פאַרפרוירן. פרענק האָט דעם ייִנגל אויפגעהויבן און אים אַוועקגעלייגט לעבן אויוון אויף דער פּאָדלאָגע. דערנאָך האָט ער אַרונטערגענומען זיין צעריסענעם מאַנטל און דעם ייִנגל צוגעדעקט. די גאַנצע צייט האָט פרענק געבורטשעט ווי פאַר זיך און אַוועקגעקערט די אויגן פון מיר.

די דונערדיקע באַסאָווע שטימע האָט זיך ווידער געלאָזט הערן: „גאָט וועט שיקן אַ רעגן פון שטיינער, וואָס וועט פאַרניכטן יעדע באַשעפעניש

אויף דער ערד. אַ פייער וועט קומען פון די הימלען און וועט פאַרברענגען יעדעס פיצל גראָז, יעדן בוים און אַלץ, וואָס בליט. די ערד וועט ווערן שוואַרץ און פאַרטריקנט".

און אַט הער איך דאָס קול פון דעם מאַן מיט די צעריסענע לונגען: „גאָט זיי מיר מוחל, איך האָב מורא צו שטאַרבן, — איך ווער דערשטיקט! איך ווער דערשטיקט!"...

עמעצער האָט זיך צעלאַכט. ווי אַ משוגעת האָט דאָס געלעכטער זיך אַריינגעריסן צווישן אונדז. אַלע האָבן מיר איצט געלאַכט מיט אַ ווילד, אידיאָטיש געלעכטער. האַ! האַ! און האַ־האַ־האַ! ווי אַ קאַשמאַר האָבן זיך די קולות געטראָגן צווישן די ווענט. און מיטאַמאָל — שטילקייט.

„באַגראָב מיך ניט ווען איך וועל שטאַרבן. באַהאַלט מיינע בייגער אין אַ פלאַש אַלקאָהאָל". אַ באַסאָווע שטים האָט געזונגען דאָס ליד, און אַט האָט עמעצער זיך צעשריען מיט אַ קוויטשיק קול: „אַ ווייב וויל איך! אַ ווייב וויל איך!" פלוצים האָט דער חזירים־קוילער גענומען שרייען סתם אַזוי, אָן אַ זין, אַז קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס ער וויל. און באַלד האָט ער זיך אַ שטעל געטאָן און גענומען ווילד, אין אַ קאַראַהאָד טאַנצן. דאָס פנים זיינס איז געווען רויט ווי פייער. און אַ שווייס איז גערונען פון זיין שטערן. זיינע אויגן זיינען געווען איבערגעקערט און די סלינע איז גערונען פון די ווינקלען פון זיין מויל. דערנאָך איז ער געבליבן שטיין, זיך אַ וויג געטאָן, און ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים אַוועקגעפאַלן אויף דעם קאַלטן דיל.

שטילקייט. און טריט, קוים הערבאַרע, אין אַ ווינקל פון צימער. עמעצער איז אַריינגעקומען, אָדער ס'איז ווער אַרויס פון צימער. די טונקל־קייט פון צימער האָט ניט געלאָזט זען ווייטער פון אַ פּאָר טריט. אַלע אויגן האָבן איצט געקוקט צו דער טיר. מיטאַמאָל איז די לופט אין חדר געוואָרן ווי עלעקטריזירט. אַ פרוי איז אַריינגעקומען. ווי פאַראַליזירטע זיינען אַלע געבליבן זיצן. די לופט איז אָנגעפילט געוואָרן מיט כוואַליעס פון אומרו. זי איז געווען ניט יונג און ניט אַלט. קיינער וואָלט באַשטימט ניט געקאָנט זאָגן אירע יאָרן. זי איז געווען אין אַ פּראָצעס פון צעפאַלנקייט. מען האָט געקאָנט זען, אַז זי איז קראַנק. די קליידער אויף איר זיינען געווען שמוציקע, אָבער עפּעס שטאָלצעס און מענטשלעכס איז געווען אין איר.

אַ שטורעם האָט זיך דורכגעטראָגן אין צימער. אַ ליידנשאַפט, וואָס

גרענעצט זיך מיט משוגעת, האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט. ניט געווען מער קיין מענטשלעכע ווירדע. אַ ווילדע וואַקכאַנאַליע האָט אויסגעפּלאַצט. די גאַנצע ברוטאַליטעט פון מענטשלעכן מין האָט זיך אַרויסגעריסן פונעם תהום. שטראָמען פון שמוץ און געפאַלנקייט האָט פאַרטרונקען דאָס צימער. עטלעכע יונגען האָבן אָנגעהויבן אַרונטעררייסן אירע קליידער. די שטאַר־קערע האָבן געשלאָגן די שוואַכערע. באַלד האָבן זיך באַוויזן בלוטיקע פּנימער און ווילדע געשרייען האָבן זיך געטראָגן אין דער לופט.

דער חזירים־קוילער איז צו איר צוגעלאָפן. געשלאָגן יעדן מיט זיינע פויסטן. זיינע אויגן זיינען געווען רויט און בליגד, דאָס מויל אָפן. ער האָט אויסגעקוקט ווי אַן אויטאָמאַט, אַן ווילן און אַן פאַרשטאַנד.

אַן אַלטער מאַן האָט דעם חזירים־קוילער אויפגעהויבן און אים אַ וואָרף געטאָן, אַז יענער האָט זיך מער ניט געקענט באַוועגן. מען האָט אָנ־געהויבן אַנטלויפן פון אים! אַלע האָבן דערפילט, אַז דער טויט באַוועגט זיך דאָ צווישן אונדז. דער קוילער איז געלאָפן צו פרענקן מיט דעם שאַרפן שפּיז אין זיינע הענט און איך האָב גאָרניט געקענט טאָן!

פרענק איז געשטאַנען און באַטראַכט וואָס עס קומט דאָ פאָר. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיין און ער וועט זיך שוין קיינמאָל מער ניט רירן. ער האָט געזען ווי דער חזירים־שעכטער מיט דעם שפּיז אין דער האַנט שטייט לעבן אים, אָבער פרענק האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען עמעצן וואַרטן אויפן טויט מיט אַזאַ רואיקייט.

דער חזירים־קוילער האָט זיך אַ ריר געטאָן נענטער צו פרענקן. מיט אַ מאָל, ווי אַ בליץ, האָט פרענקס אָרעם זיך אַ באַוועג געטאָן. זיין פויסט האָט דעם קוילער אַ זעץ געטאָן אין פּנים מיט אַזאַ מאַכט, אַז עס האָט אָפּגעקלונגען אין גאַנצן צימער. דער קוילער האָט זיך אַ וויג געטאָן, דאָס פּנים זיינס איז געוואָרן אַ מאַסקע פון בלוט.

אַ סך האָבן געשריען צום חזירים־קוילער: „האַרגע אים, רוק אים אַריין די שפּיז אין בויך! דו ביסט שטאַרקער פון אים! נעם זיינע קישקעס אַרויס!" איך ווייס ניט צי דער קוילער האָט געוואוסט, וואָס ער טוט. ער האָט הויך אויפגעהויבן די שפּיז. פרענק האָט זיך אַ וויג געטאָן.

איך האָב פאַרמאַכט די אויגן, ווען איך האָב זיי צוריק געעפנט האָב איך געזען ווי פרענק האַלט דעם חזירים־קוילער ביים האַלדז. איך האָב

געוואוסט, אַז דאָס איז דער סוף. אַ פּאָר מאָל נאָך האָט דעם קוילערס קערפּער אויפגעציטערט. ווידער האָט דער טויט באַזוכט דעם אָפּגרונט.

איך בין אַרויסגעלאָפן פון דער פאַרלאָזענער געביידע. מיך האָט ניט געאַרט וואו די פיס וועלן מיך טראָגן. אַ קאַלטער ווינט פון איסט ריווער האָט אַ בלאָז געטאָן מיר אין פּנים. איך האָב ניט געפילט די קעלט און ניט געוואוסט וואָס איך טו. איך בין געלאָפן פונעם טויט...

# גאָט וועט אונדז פאַרגעבן

אַ רויט, צוויי־שטאָקיק הויז, אָפּגעקראָכן פון אַלטקייט, מיט קליינע פענצטער, וואָס קוקן אומעטיק צו דער גאָס. דריי באַזונדערע אַריינגאַנגען מיט טונקעלע קאָרידאָרן, ווי אַ שמאָלער טונעל מיט אַ סך טירן, און היל־צערנע טרעפּ, וואָס קרעכצן אונטער די פיס. די טונקלקייט איז אַ געדיכטע.

פּאָל איז געשטאַנען ביי דער טיר און געהערט דאָס קלינגען פון גלעקל, אָבער קיינער האָט די טיר ניט געעפנט. דאָס הויז איז געווען פאַרגליווערט אין שווייגן ווי די שטילקייט אין אַ קבר. עפּעס איז געווען זייער אומהיימלעך צווישן די טונקעלע ווענט און די שטומע טירן. פּאָל האָט שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין, ווען די טיר האָט זיך פּלוצים געעפנט. אַ הויכער מאַן מיט רויטע צעשויבערטע האָר האָט זיך באַוויזן און מיט אַ הייזעריקער שטימע אַ פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס, צו אַלע קלאָגן, רייסט איר דעם גלאָק?... איך בין ניט טויט, מיסטער!

— ערגעץ אין דער מויזן־לאָך געפינט זיך מיינער אַ פריינט, זיין נאָמען איז ניק האַטקין. ער מוז דאָ זיין, אויב ער איז ניט פאַרפוילט געוואָרן אין דער נאָרע. פּאָל האָט אַרויסגעשפּיגן די ווערטער ווי פון אַ מאַשין־ביקס.

דער מאַן ביי דער טיר האָט אים אָנגעקוקט, געזען פאַר זיך אַ זעקס־פוסיקן ריז, מיט אַ בלאָנדן קאָפּ האָר און שפּיזיקע, גרויע אויגן. זיינע שוואַרצע ברעמען האָבן אויסגעקוקט ווי צוגעקלעפּטע. זיין בלויער מאַטראָסן־ראָק צעקנייטשט, ווי ער וואָלט תמיד געשלאָפן אין אים.

— ניק האַטקין?... יאָ, ער וואוינט אויף דעם צווייטן גאָרן, ביים סוף פון קאָרידאָר. דער חדר איז נומער צוועלף. ער וועט שוין דאָ לאַנג ניט פאַרבלייבן. שוין דריי חדשים קיין דירה־געלט ניט געצאָלט! זאָל ער גיין ערגעץ אַנדערש. ווען ניט מערי וואָלטן שוין זיינע שמאַטעס געלעגן אין דרויסן...

פּאַל האָט אַ שפּיי געטאָן אויף דער פּאָדלאָגע און ניט געענטפערט. איז אַרויף אויף די הילצערנע שטיגן, געגאַנגען דורך דעם פינצטערן קאָרי־דאָר, ביז ער האָט געפונען דעם נומער פון דעם חדר. ער האָט שטיל אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. געהערט אַ שוואַכע שטים רופנדיק אים אַריינ־צוקומען, און ווען ער האָט געעפנט די טיר, האָט ער געפונען ניקן זיצנדיק אין אַ וויג־שטול, איינגעוויקלט אין שמאַטעס. זיינע אויגן זיינען געווען האַלב פאַרמאַכט, און ער האָט זיך אָנגעשטרענגט זיי צו האַלטן אַביסל אָפן. זיין געזיכט איז געווען ביינערדיק און די ליפּן בלוטלאָז.

— ניק! גאָט מיינער! וואָס האָט פּאַסירט מיט דיר?

אַ רגע איז געווען אַן אימהדיקע שטילקייט. ניק האָט אַ קראַנקן שמייכל געטאָן.

— זעץ זיך, פּאַל, שוין אַזוי לאַנג דיך ניט געזען. וואו ביסטו געווען, ברודער? פון וואַנען קומסטו?

פּאַל האָט זיך אַרומגעקוקט אין דעם צימער און געפילט אַ שטיקעניש אין האַרצן. ער האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון ניקן און איז געווען צופרידן פון עמעצנס אָנקלאַפּן אין טיר.

— דאָס איז מסתמא מערי — האָט ניק געזאָגט, — זי לאָזט מיך ניט שטאַרבן.

ווען מערי איז אַריינגעקומען און דערזען פּאַלן, האָט זי זיך אַביסל פאַררויטלט. זי איז געווען אַ טונקעלע, מיט שוואַרצע אויגן און מיט אַ מויל פּערלדיקע, קליינע ציין.

— דאָס איז מיין פריינט פּאַל, מערי. זיי פאַרזיכטיק מיט אים. אויב ניט, וועט דיין כאַליערעדיקער מאַן בלייבן אָן אַ ווייב. פרויען קלעפּן זיך צו אים. אָבער ער איז אַ פיינער בחור און אַ ליבער פריינט.

פּאַל האָט אַ שמייכל געטאָן.

— הער זיך ניט צו צו אים, מערי. זאָל ער פּלאַפּלען. איך אין זיינע יאָרן בין געווען אַ ברען. איצט בין איך דרייסיק יאָר, און שוין צו אַלט פאַר די נאַרישקייטן. זאָג מיר בעסער, מערי, קענסט מיר העלפן אויפראַמען דעם חדר? עס שמעקט דאָ מיט שימל! און לאָמיר געפינען דאָס פענצטער און אַריינלאָזן אַ ביסל לופט. מען קען דאָ ניט אָטעמען!

מערי האָט אַרויפגעבראַכט איר מאַן און זיי האָבן ביידע געריניקט

און געוואַשן דאָס חדר. דער מאַן איז נאָך אַלץ געווען בײַז און ניט פֿאַר־קעמט. ער האָט געהאַלטן אין איין בורטשען:

— אַרבעט פֿאַר דעם שוואַרציאַר! צאָלט ניט קיין רענט און וויל נאָך אַ ריינעם חדר.

מערי האָט אַ בײַזן קוק געטאָן אויף איר מאַן און ער איז פֿאַרשטומט געוואָרן. ווען זי זײַנען אַוועק, איז דער חדר געווען היפּשלעך ריין. ניק איז געווען אַרומגעוואַשן. די בעט פֿאַרשפּרייט מיט אַ ווייסן לײַלעך. פֿרישע מאַיאָווע לופֿט, מיט דעם געזרוך פֿון די וואַסערן פֿון האָדסאָן, האָבן זיך אויסגעמישט. דורך די פֿאַרשטויבטע פֿענצטער האָט דער אָוונט אַרונטער־געגידערט. ניק איז געלעגן אין בעט מיט פֿאַרמאַכטע אויגן און האָט קוים געאָטעמט. אַביסל שפּעטער איז ער פֿאַרזונקען אין אַ טיפֿן שלאָף.

פּאָל האָט שטיל פֿאַרמאַכט די טיר און אַראָפּגעטער די הילצערנע שטיגן. אונטן האָט געוואַרט אויף אים מערי. זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ ציצן קלײדל און אַ רויט דזשאַקעטל האָט זי געהאַלטן אויף איר אָרעם. זי האָט אויסגעקוקט אַ סך ייִנגער פֿון איר עלטער און נאָך געהאַט אַ סך מיידלשעס אין זיך. זי האָט אים געגומען אונטערן אָרעם ווי אַן אַלטן באַקאַנטן. פּאָל האָט ניט געפֿרעגט קיין פֿראַגעס און איז אַרויס מיט איר אין דרויסן.

אַ קיל ווינטל האָט געבלאָזן פֿון האָדסאָן. עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט און קיין סך טראַקס זײַנען מער ניט געפֿאָרן צום האַפֿן. שבת־נאַכט שטאַרבט דאָ אָפֿ דער טומל און די גאַסן בלײַבן ליידיק, אומעטיק און צעפֿראַלט. דאָ און דאָרט אַרבעט נאָך אַ גרופּע אַרבעטער ביי אַ שיף. אָבער קיין גרויסער טומל איז ניטאָ. פֿאַרלאָזן איז דער האַפֿן און אַ שטילקייט וויגט זיך אין דער לופֿטן.

זיי האָבן אַ פּאָר מינוט ניט גערעדט. מערי האָט אָפּגעלאָזן פּאָלס אָרעם און איז געגאַנגען ביי זײַן זייט. שפּעטער אַביסל האָט זי אַ זאָג געטאָן:

— ניק איז זייער קראַנק. מען דאַרף אים אַרײַנלייגן אין אַ שפּיטאָל. מען קען אים ניט לאָזן אַזוי.

פּאָל האָט זי אָנגענומען פֿאַרן אָרעם:

— זאָג מיר, מערי, וואָס איז מיט אים? ער איז דאָך נאָך אַזוי יונג, קוים צוויי און צוואַנציק יאָר. אין סאַמע לעבנס־בלי.

— ער קוקט אויס אַ סך עלטער. קען זײַן, אַז די קראַנקהייט איז

שולדיק. אַ טראַפּישע קראַנקהייט, זאָגן זיי, די דאָקטוירים, מען ווייס זייער ווייניק וועגן איר, און ער וועט שטאַרבן! זיי קענען גאָרניט טאָן אים צו ראַטעווען. ווי לאַנג האָסטו אים ניט געזען?

— באַלד צוויי יאָר. מיר האָבן געאַרבעט צוזאַמען אויף אַ שיף. איך האָב אים ליב געהאַט ווי אַ ייִנגערן ברודער. דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען אין סינגאַפּור. ער האָט זיך געזעגנט מיט מיר, געזאָגט ער פאָרט צוריק אין די שטאַטן. ער וויל מער ניט אַרומפאָרן, זיך וואַלגערן איבער דער וועלט.

— ער וואוינט מיט אונדז שוין אַ לאַנגע צייט. ער האָט געאַרבעט ביים האַפן. האָט מיר געזאָגט, אַז ער וויל אָפּשפּאָרן אַביסל געלט און קויפן אַ פאַרם, האָבן אַ פאַמיליע און לעבן פון דער ערד. אָבער שפּעטער איז ער קראַנק געוואָרן. דאָס פּנים געוואָרן פאַרגעלט, די אויגן שטענדיק מיט פיבער. ער האָט נאָך אַלץ געאַרבעט, ביז איין טאָג האָט ער מער פון בעט ניט געקענט אַראָפּגיין.

מערי איז נאָך אַ דראַמאַטישער פויזע אַוועק אַהיים. זי האָט ניט געוואָלט, אַז איר מאַן זאָל זיי זען צוזאַמען — איר מאַן איז אַ ווילדער מענטש. טרינקט אַ סך. טיפּ איז אַמאָל ווי אַ קינד, און אַמאָל קען ער באַגיין אַ מאָרד. ער איז זייער אייפערזיכטיק אויף איר: האָט מורא אַז זי וועט אַוועק מיט אַן אַנדער מאַן. אַמאָל שרעקט זי זיך פאַר אים...

פּאָל איז געבליבן אַליין. זיך אַרומגעשלעפּט ביי די ברעגן פון האָדסאָן און געטראַכט וועגן ניקן און זייער מאָדנער פריינטשאַפט פון דעם ערשטן טאָג וואָס זיי האָבן זיך געטראָפן. ניק איז אַ ייִנגל מיט אַן אַלטן קאָפּ. ניק האָט געשפּילט גיטאַר און געזונגען גריכישע לידער. ער האָט ערגעץ וואו געהאַט אַ טאַטן, וואָס האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער וועלט. ניקס מאַמע האָט איבערגעלאָזן זייער היים, ווען ער איז נאָך געווען אין די וויקעלעך. זי איז אַנטלאָפן מיט אַן אַנדער מאַטראָס. דאַן האָט זיין טאַטע אים אַריינגעגעבן אין אַ קינדער־היים און איז אַליין אַוועק זוכן דאָס ווייב. ניק האָט שוין קיין מאָל ניט אויסגעפונען וואָס מיט זיין פאָטער און מוטער האָט פּאַסירט.

און אַלע מאָל האָט ניק גערעדט וועגן אַ ווייב און אַ היים. אַלע מאָל האָט ער געהאַט אַ בענקעניש אין האַרצן נאָך אַן אייגענעם שטול, אַן אייגענער בעט און אַ ווייב. ער האָט געחלומט וועגן קינדער. געטראַכט

ווי עס וואָלט גוט געווען צו האָבן אַ שטיקל אייגענע ערד, ביימער, ווילדע בלומען, אַ הויז אויף אַ בערגל, וואָס באָדט זיך אין זון. ער האָט געטרוימט פון אַרבעטן אין דרויסן מיט דעם הימל איבערן קאָפּ און פילן די רויע ערד צווישן זיינע פינגער.

זיינע פאַרלאַנגען זיינען געווען פשוטע, מענטשלעכע. זיין הונגער נאָך אַ היים איז געוואָרן שטאַרקער מיט יעדן טאָג. ער איז געווען זייער רעליגיעז. געגלויבט אַז גאָט וועט מיט דער צייט דערפילן זיין פאַרלאַנג. און ווען ער האָט באַשלאָסן זיך צו באַזעצן אין ניו־יאָרק, איז ער געווען זיכער אַז ער וועט דאָרטן אָנהייבן אַ ניי לעבן און וועט זיין מיט מענטשן גלייך.

פּאָל איז שטילערהייט אַריין אין ניקס חדר. ער איז געשטאַנען אַ מינוט ביי דער טיר, אַ גערירטער ביז טרערן. ניק איז געשטאַנען אויף די קני, די אויגן פאַרמאַכט, דער קאָפּ אַרונטערגעלאָזן. זיינע ליפּן האָבן זיך ניט באַוועגט, נאָר טרערן האָבן גערונען איבער זיין פאַרגעלט פּנים. פּאָל האָט שטיל פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, געבליבן שטיין אין טונקעלן קאָרידאָר און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער האָט פּלוצים דערהערט רופן זיין נאָמען און פאַרוואונדערט זיך אומגעקוקט. מערי איז ווי אויסגעוואקסן לעבן אים און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— איך בין פריער געווען אין זיין צימער. איך האָב גערופן אַ דאָקטאָר. מיר שרעקט זייער דאָס האַרץ: איך האָב דאָס געפיל אַז ס׳איז זיין לעצטע נאַכט. פאַרגיב מיר, פּאָל, פאַר מיינע ביטערע געדאַנקען.

די זעלבע נאַכט האָט מען ניקן אָוועקגענומען אין אַ שפּיטאָל. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט דער דאָקטאָר גערופן פּאָלן און אים געזאָגט, אַז ער זאָל ניקן בעסער נעמען אַהיים — ער וועט לאַנג ניט אָנהאַלטן. נעם אים אַהיים און זאָל דער אייבערשטער אים העלפן.

פּאָל האָט אים צוריק געבראַכט אין רויטן הויז. ער האָט איינגעצאָלט פאַר אים דירה־געלט אַ חודש אין פאַראויס. טים איז געווען צופרידן:

— נו, וועט ער שטאַרבן דאָ. דער טויט איז דאָ ניט קיין גאַסט... זאָל ער אויסהויכן זיין אָטעם אין זיין אייגן בעט... זאָל ער — האָט מערי צו־געשאָקלט מיטן קאָפּ און האָט טימען אַ גלעט געטאָן איבער זיין ניט־פאַרקאַמטן קאָפּ.

זיי האָבן אַריינגעשטעלט נאָך אַ בעט אין ניקס צימער, און פּאָל

האָט זיך אַריינגעקליבן אַהין. ניק איז געווען אין אַ היבער־פלעט. פון צייט צו צייט פלעגט ער עפענען די אויגן און דערקענען פּאָלן. און איין מאָל האָט ער אים געזאָגט:

— פאַרוואָס פאַרנעמסטו זיך מיט מיר ?... איך וועל אין גיכן שטאַרבן. קענסט מיר גאָרניט העלפן... גאָרניט העלפן.

ניק האָט שוין אויסגעזען ווי אַ סקעלעט, זיין פּנים איז געוואָרן ווי אַ קינדס. אַ בלייכער שמייכל אויף די אויסגעטריקנטע ליפּן. נאָר די אויגן זיינען געווען אַנטצונדן פון היץ. פּאָל פלעגט זיך אַרויסכאַפּן אויף אַ פּאָר שעה אַרבעט און שנעל קומען צוריק. ער פלעגט ניקן צערטלען ווי אַ קליין קינד. ער פלעגט זעלטן אַוועקגיין פון אים אויף לאַנג. ער האָט געוואָלט אַז ניק זאָל אים זאָגן עפּעס וועגן זיין פאַמיליע, אָבער ער האָט פון אים קיין וואָרט ניט געקענט אַרויסקריגן וועגן דעם. מערי איז געווען זייער גוט צוביידן, אַ סך מאָלצייטן פאַר זיי אָפּגעקאָכט אָן באַצאָלט. ווען ניט זי, וואָלט אויך פּאָל געווען אַ פאַרלאָרענער.

ווען פּאָל איז אַמאָל געקומען אַהיים, האָט מערי געוואַרט אויף אים לעבן דער שוועל. זי האָט ניט געדאַרפט זאָגן קיין וואָרט. פּאָל האָט שוין פאַרשטאַנען, וואָס ס'האָט פּאַסירט. זי איז אַרויף מיט אים די שטיגן, געעפנט פאַר אים די טיר. זיי זיינען ביידע געבליבן שטיין ביי ניקס בעט און געקוקט אויף אים שווייגנדיק. פּאָל איז געווען צערודערט, האָט ניט געהאַט קיין איין גאַנצן געדאַנק אין קאָפּ. מערי האָט שטילערהייט געוויינט און זיך אָנגעהאַלטן אָן פּאָלס אָרעם.

דעם קומענדיקן פרימאָרגן האָט מען ניקן אַוועקגענומען אין מאָרג. מען האָט אים באַגראָבן אין „פּאָטערס פעלד" צווישן אַלע היימלאָזע. פּאָל האָט ניקס קבר קיינמאָל ניט געזען. ער האָט זיך פאַרשלאָסן אין חדר און געזעסן אין דער פינצטער ביז עס איז טאָג געוואָרן.

ער איז אַרויס אין דרויסן, ווען דער פרימאָרגן האָט נאָך געגרויט, און האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן. ער האָט געטרויערט, ווי זיין אייגן קינד וואָלט אים געשטאָרבן. ניק איז געווען מער ווי אַ פריינט. ער איז געווען ווי אַ חלק פון זיין בלוט און פלייש און ער האָט געפילט ווי עפּעס פון זיין גוף איז פאַרלאָרן געוואָרן אויף אייביק... ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. נאָך אַמאָל פאָרן אויף שיפן? אַרבעטן אין „אינדזשן רום" ? הערן דעם אָטעם און דעם פולס פון די ריזיקע מאַשינען,

ווערן איינס מיט זיי, אָדער זיך וואַלגערן ווי אַ שאָטן אין שטאָט און ווערן דערשטיקט אין רויטן אַפּגעלאָזענעם הויז וואו ניק איז געשטאָרבן?

די טיר פון מעריס צימער איז געווען אָפן. זי האָט געוואַרט אויף פּאָלן. זי איז אים שטיל נאָכגעגאַנגען אויף די הילצערנע שטיגן און פּלוצים אַ נעם געטאָן אונטערן אָרעם:

— טים איז אָנגעטרונקען — האָט זי געשמייכלט — ער וועט שלאָפן די נאַכט ווי אַ טויטער און מיר איז אומעטיק ביז משוגע ווערן... דו ביסט אַזאַ צאַרטער, און אַזאַ גרויסער...

ער האָט געעפנט די טיר. די פינצטערניש איז געווען אַזאַ געמיט־לעכע, אַז ער האָט זיך ניט געאײַלט צו מאַכן ליכטיק. ער האָט געטראַכט, אַז ניק מוז נאָך זיצן אין דעם זעלבן שטול, אַרומגעוויקלט מיט שמאַטעס. ער זיצט און חלומט פון אייביקייט... עס איז ניט געווען קיין געפיל פון טויט. פון דעם אָפענעם פענצטער האָט פרישע לופט אַרײַנגעשטראָמט. און פון ערגעץ האָט זיך דערטראָגן דער געביל פון אַ הונט. עס האָט פּאָלן דערמאָנט עפּעס פון זיינע קינדער־יאָרן. ביימער, קליינע הייזקעס, גערטנער און בלומען. ער האָט זיך ניט געקענט פאַנאַנדערקלייבן אין זיינע געדאַנקען. „אַלץ איז געווען... יאָ, געווען, ניט געווען! נעכטן, היינט און מאָרגן... פאָרן שיפן אין 'ערגעץ לאַנד'. באַרבעאַ, סינגאַפּאָר. קאַפּייען און מיידלעך מיט צעצונדענע ברוסטן. רעגנס און דער גערוך פון פאַרפוילטקייט. ימען שנאַפּס און צעפאַלנקייט. טראָפּישע לענדער, פּאַלמען־ביימער און טויט..."

ער האָט דערפילט מעריס אָטעם, געפילט אירע ליפּן אויף זיינע. נאָר ער איז געשטאַנען אין מיטן חדר און געאָטעמט די נאַכט. ער האָט געהערט איר שטים ווי זי וואָלט געקומען פון זייער ווייט:

— פּאָל, איך האָב דיך ליב. טים וועט ניט וויסן, און גאָט וועט פאַרגעבן...

# אַ נייער באַגינען

אַ פרעמדע שטאָט, פרעמדע מענטשן. דער הונגער האָט געגריזשעט מיינע ביינער און פאַראורזאַכט קראַמפּן אין מיין בויך. יונג בין איך געווען, קוים דערגרייכט ביינצן, כאָטש איך האָב אויסגעקוקט עלטער.

בין איך געזעסן אויף אַ באַנק, געלאָזן דעם ווינט רייסן מיינע קליידער און קריכן מיט קאַלטע פינגער איבער מיין לייב. עס איז געווען שפּעט אין האַרבסט. די ביימער האָבן נאָך געהאַט אויף זיך די געלע פאַרטריקנטע בלעטער. גרינע לאָנקעס פון גראָז האָבן זיך נאָך געטוליעט צו דער ערד. אַ פאַרוואָלקנטער הימל איז נאָך טונקעלער געוואָרן מיט דעם אָנקומען פון דעם אָוונט.

איך בין געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן. אַ פאַרגליווערטע מידקייט האָט מיך צוגעשמידט צו דער באַנק. איך האָב געהערט די כוואַליעס קלאַפּן אין דעם הילצערנעם האַפן און האָב געפילט דעם גערוך פון געזאַלצענעם וואַסער פון האָדסאָן. ווען איך האָב מיט אָנשטרענגונג אויפגעעפנט די אויגן, איז דער מאַנהעטן אינדזל געווען באַלויכטן מיט מיליאָנען ליכט. ווי אַ צויבער האָבן זיי אַראָפּגעשיינט פון די פענצטער און טורעמס.

אַפילו דער הונגער האָט מיך ניט געקאָנט האַלטן וואַך. איך בין געווען צו מיד ניט איינצודרימלען. כ'האָב קוים מיט צרות געעפנט די אויגן, ווען איך האָב געהערט אַ שטימע, וואָס האָט געהאַלטן אין איין איבערזאָגן: „שטיי אויף, יונגערמאַן, עס הויבט אָן רעגענען! דו וועסט זיך פאַרקילן ביז טויט ,אויב דו וועסט ניט אַוועק פון וואַסער! שטיי־אויף!"

עס איז געווען צו נעפּלדיק איך זאָל זען זיין געזיכט. איך האָב אַ ציטער געטאָן. די נאַסקייט און די קעלט האָבן זיך איינגעגעסן אין לייב. איך האָב זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן גיין וואו די אויגן וועלן טראָגן.

— וואוהין גייסטו ?... דו ביסט דאָך אַ פרעמדער אין שטאָט, און אַזוי יונג! דו וועסט אַרבעט אין אַ שטאָט־היים ניט קריגן. נישטאָ גענוג פאַר אַלעמען אין אַזאַ שווערער צייט.

— וואָס אַרט עס אייך? ווער זייט איר? לאָזט מיך צורו!

עס איז מיר געווען ביטער אויפן האַרצן, זיך שיר ניט צעוויינט.

— דו בריקעסט זיך ווי אַ יונג לאָשעקל. קום מיט מיר. מיר וועלן עפּעס עסן און זיך אָנוואַרעמען. דערנאָך וועסטו באַשליסן וואָס צו טאָן.

איך האָב אָן חרפּה געוויינט. הייסע טרערן האָבן זיך געגליטשט אויף מיין קאַלטן געזיכט. איך האָב ניט געקענט גיין ווייטער, זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ בוים און געכליפּעט. ער איז געשטאַנען לעבן מיר און געשוויגן. ער האָט אויסגעקוקט ווי אַ שאָטן. ער האָט מיך גענומען ביי דער האַנט און איך האָב אים נאָכגעפאָלגט ווי אַ בלינדער. מיך האָט ניט געאַרט וואוהין ער פירט מיך.

איך האָב אויסגעטרונקען מיין קאַפע און ער איז געזעסן לעבן מיר, מיך באַטראַכט. ער איז געווען קורץ, מיט אַ קיילעכדיק פּנים, די האָר פעך־שוואַרץ, די אויגן בלויע און ערנסטע, זיינע קליידער שוואַרצע, פון די שיך ביזן ברייטן קראַוואַט. זיין געזיכט איז געווען אַמאָל יונג, אַמאָל אַלט. עס האָט זיך געווענדט ווי אַזוי דאָס ליכט איז אויף אים געפאַלן. אין אַלגעמיין איז געווען אין זיין אויסזען עפּעס אויסטערלישעס.

— איך האָב אַ צימער ניט ווייט פון דאַנען. קום, דו וועסט ביי מיר איבערשלאָפן די נאַכט. דערנאָך וועלן מיר זען וואָס צו טאָן מיט דיר.

איך בין אים נאָכגעגאַנגען. איך בין געווען צו מיד אפילו ריידן.

ביי דער צענטער עוועניו און פערצנטער גאַס האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז דאָס הויז, דו וועסט קענען אָפּרוען דיינע אַלטע ביינער.

ער האָט געעפנט די טיר און מיר זיינען אַריין אין אַ טונקעלן קאָרידאָר.

ער האָט געהאַט צוויי צימערן. לאַנגע, שמאָלע, מיט אַ גערוך פון שטויב און אַלטע ביכער. איך האָב געהאַט דעם געפיל, אַז די פענצטער זיינען פאַרהאַקט און זיינען קיינמאָל ניט אָפן. אַפילו דאָס עלעקטרישע ליכט האָט ניט געקענט פאַרטרייבן די שאָטנס. ער האָט מיך געלאָזט שטיין ביים פענצטער און האָט אויסגעבעט די בעט פאַר מיר. ער האָט געבראַכט פרישע וועש, זיכער זיינע, ווייל זיי זיינען געווען קורץ און ברייט, און איך בין געווען לאַנג און דין.

— דו קענסט נעמען אַ באָד, אויב דו ווילסט? — האָט ער געזאָגט.

— עס איז איצט דאָ וואַרעם וואַסער. שפּעטער וועט ניט זיין.

איך בין געלעגן אין בעט אין אַ אויסגעוואַשענער, אַ פרישער, צוגעדעקט

וואַרעם, און די פינצטערניש האָט זיך געטוליעט צו מיר. איך האָב זיך צוגעהערט צו זיינע טריט אין צווייטן צימער, האָב פּרובירט טראַכטן און ניט געקענט. ענדלעך האָט אַ הערבסט־רעגן אָנגעהויבן קלאַפּן ריטמיש אין די שויבן און מיך פאַרוויגט אין אַ טרוימלאָזן שלאָף.

* * *

עס איז געווען אַ כמאַרנער פרימאָרגן. איך בין געלעגן אין בעט און זיך געפוילט אויפצושטיין. עס איז געווען אַזוי וואַרעם און באַקוועם צו ליגן אונטער דער קאָלדרע מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און גאָרניט טראַכטן.

דער צימער איז געווען אָנגעפילט מיט רעליגיעזע ביכער. אַ גרויס בילד פון יעזוסן איז געהאַנגען איבער דער בעט. עס איז געווען אַ בילד פון קריסטוסן מיט אַ קינדעריש פנים ,אַ קראַנץ דערנער אויפן קאָפּ, די בלויע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן, און די טראָפּנס גליטשן זיך פיינלעך איבער זיינע באַקן.

אויף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט איז געהאַנגען אַ בילד פון אַ פרוי אין די פערציקער מיט אַ מאָדאַנישן אויסזען, מיט צאַרטע אויגן. פולע ליפּן און אַן אומעטיקן שמייכל.

אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ שאַפע מיט גלעזערנע טירן אָנגעפילט מיט קינדערשע זאַכן. אַ געפיל פון גרויס רחמנות האָט אָנגעפילט מיין האַרץ.

עס איז געווען אַזוי שטיל ווי דער לעבעדיקער אָטעם וואָלט געווען פאַרפראָרן. ער איז אין הויז ניט געווען. איך האָב זיך אָפּגעראַזירט, זיך אָפּגעוואַשן, געוואַרט אַ שטיקל צייט, אָבער ער איז צוריק ניט געקומען. איך האָב פאַרמאַכט די טיר און בין אַרונטערגעגאַנגען די הילצערנע שטיגן.

אונטן, ביי די שטיגן, איז געשטאַנען אַ פרוי מיט אַ שמאָלציקן געזיכט און קליינע פאַרזשמורעטע אויגן. זי האָט מיר געגעבן איר בעסטן שמייכל און אַ זאָג געטאָן: „דזשים האָט מיר אָנגעזאָגט אַכטונג צו געבן אויף דיר. ער וועט זיין צוריק שפּעטער. איך וועל זיין גוט צו דיר, ברודער, אויב דו וועסט זיין גוט צו מיר!" זי האָט זיך צעלאַכט. איר פעטער בויך און אירע ברוסטן האָבן אויסגעטאַנצט אירע ווערטער.

איך האָב אַ פאַרשייטן שמייכל געטאָן. פאַר מיינע יונגע יאָרן האָב איך שוין געוואוסט צו פיל. אַן אַלטער קאָפּ מיט אַ יונגן קערפּער. איך האָב שוין געהאַט אויסגעשפּאַנט אַ וועלט, אַלץ געזען און געוואָרן ציניש.

— וואָס איז דיין נאָמען ?

איך האָב אַ זאָג געטאָן מיט צאָרן: — מיין נאָמען איז מייק, צו וואָס דאַרפסטו דאָס אַלץ וויסן?

— פּראָווע ניט קיין שטיק, מייק! איך מיין ניט קיין שלעכטס. אויב דו בלייבסט מיט אונדז דאַרף מען דיך אויספאָרשען. איך וויל ניט, אַז יעדעס מאָל, וואָס איך וועל דיך אָנרירן, זאָלן דיינע ביינער צעפּאַלן. איך האָב ליב האַרטע ביינער און אַ ווייך לייב.

איך האָב זיך געמאַכט ניט וויסנדיק.

— וואָס נאָך ווילסטו וויסן, איידער איך גיי אַרויס אין גאַס? — האָב איך אַ זאָג־געטאָן סאַרקאַסטיש. זי איז ניט געוואָרן ברוגז.

אָבער אין גאַס בין איך ניט געגאַנגען. זי האָט מיך גענומען פאַר דער האַנט, אַרונטערגעפירט אַ פּאָר שטיגן צו אַ האַלב־טונקעלן צימער. די ריינקייט האָט ממש געשמעקט. טישלעך זיינען געשטאַנען אַרום די ווענט. עטלעכע מענטשן זיינען געזעסן, געשמועסט און געריכערט. דער אַראָמאַט פון פרישע קאַווע האָט אָנגעפילט דעם צימער. מען האָט געקאָנט זען די קיך דורך א גרויסן אָפענעם פענצטער. געווען וואַרעם, געמיטלעך.

זי האָט מיך געפירט פון טיש צו טיש און מיך פאָרגעשטעלט. דערנאָך האָב איך זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל און זי לעבן מיר.

— וואָס ווילסטו עסן, מייק? זאָרג זיך ניט וועגן באַצאָלן. דזשים וועט שוין אַלץ באַזאָרגן. — זי האָט ניט געוואַרט אויף מיין ענטפער. זי האָט זיך אויפגעהויבן און איז אין אַ פּאָר מינוט אַרום צוריקגעקומען מיט אַ טעצל אָנגעפילט מיט עסנוואַרג.

זי איז ניט אָפּגעטראָטן פון מיר, געקוקט אויף מיר מיט אירע גרינע אויגן און אָנגעקוואָלן. דערנאָך האָט זי מיר געגעבן אַ סיגאַרעט, גענומען איינעם פאַר זיך, אַ זאָג געטאָן גלאַט אַזוי זיך: „עס איז גוט צו לעבן אויף דער וועלט! יעזוס פאַרלאָזט ניט אַפילו אַ וואָרעם אונטער דער ערד.”

— איך בין אַ ייד, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, ניט וויסנדיק פאַרוואָס.

— איז וואָס? מיר זיינען אַלע גאָטס קינדער!

פון קיך האָט זי עמעצער גערופן: „גרעיס, גרעיס!” זי האָט זיך אויפגעהויבן און איז דורך אַ הינטער־טיר אַוועק אין קיך.

אַ פּאָר מינוט בין איך געזעסן אַליין. דערנאָך איז איינע אַריינגעקומען פון גאַס, אַרומגעקוקט דעם צימער און באַשלאָסן זיך זעצן לעבן מיר. אין אָנהויב האָט זי מיך איגנאָרירט. ניט גערעדט קיין וואָרט. זי איז צוגע־

גאַנגען צום אָפענעם פענצטער פון קיך, צוריקגעקומען מיט הייסער קאַפע און זיך אַוועקגעזעצט. האַלטנדיק דאָס טעפּעלע קאַווע מיט ביידע הענט, ווי זי וואָלט וועלן איינזאַפּן אין זיך די וואַרעמקייט, האָט זי געגעבן אַ זופּ און אַ זאָג געטאָן גלאַט אַזוי זיך: „ס׳איז לויזיק אין דרויסן!" נאָכדעם גע־קוקט אויף מיר און געשוויגן.

זי איז ניט געווען קיין שיינע, אָבער יונג און פריש. איר קערפּער האָט געהאַט אַלץ וואָס אַ מאַן זוכט אין אַ פרוי. קיין זאַך ניט צו ווייניק, קיין זאַך ניט צופיל. אויך געהאַט בלויע אויגן, פולע ליפּן און שאַרפע ווייסע ציין. איך האָב געקוקט אויף איר אָן בושה. מיט אַ מאָל גיט זי אַ זאָג צו מיר: „הער אויף מיך אויסטאָן נאַקעט מיט דיינע אויגן! וואָס דענקסטו, דו ביסט אַ מאַן? דו קוקסט דאָך אויס ווי אַן אויסגעווייקטער הערינג". זי האָט פאַררויכערט אַ סיגאַרעט, און אויסשטרעקנדיק איר האַנט מיך געפרעגט, אויב איך וויל אויך איינעם. דערנאָך האָט זי מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב דיך פריער ניט געזען דאָ? ווען האָט דזשים דיך גע־בראַכט אַהער?... נאָך אַ נשמה צו ראַטעווען?... גאָט, וואָס דאַרף ער אַזויפיל?

איך האָב אַ ווײַלע געשוויגן: „ווער איז דזשים? איז דאָס זיין הויז? און ווער איז גרעיס?..." האָב איך געוואָלט וויסן.

„דזשים?" אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. „ווער ער זאָל ניט זיין, געבענטשט זאָל זיין זיין נאָמען. ער זאַמלט אויף די שטויבעלעך פון דער ערד און מאַכט פון דעם גאָלד. וואָס מאַכט עס אויס, אויב ער טוט עס אין נאָמען פון גאָט: ער נערט די הונגעריגע, הויבט אויף די געפאַלענע. זאָל יעזוס אים געבן פרידן און אים באַפרייען פון זיין פּיין".

„איז עס זיין הויז? וואו נעמט ער געלט פאַר דעם אַלעמען?..."

„דו ביסט ערשט געקומען און ווילסט שוין אַלץ וויסן. דאָס לעבן איז פול מיט רעטעניש. ווער קען דערגיין אַ טאָלק אין אַלץ וואָס עס פּאַסירט? גאָט גיט, גאָט נעמט. ווער קען פאַרשטיין זיינע וועגן?"

„וואָס איז דיין נאָמען, מיידל? . מיינער איז מייק".

„פרענסיס... וואָס נאָך ווילסטו וויסן? מאַך עס שנעל, ווייל איך דאַרף אַוועקגיין. איך וועל זיין צוריק אין אָוונט. דו קענסט עסן מיט מיר אין מיין צימער, אויב דו ווילסט".

„אַ דאַנק, פרענסיס. עס איז פיין פון דיר מיך איינצולאַדן. איך וועל דיך דאָ טרעפן ווען דו ווילסט".

איך בין אַרויס מיט איר אין גאַס. ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן מער, האָב איך געשוויגן.

„ווי אַלט ביסטו, מייק? דו ביסט אַ מאָדנער בחור. וואו איז דיין פאַמיליע? דו קוקסט אויס ווי די ערד וואָלט געוועזן צו קליין פאַר דיר“.

„קען זיין אַז דו ביסט גערעכט. איך לויף אַרום ווי משוגע, וואוהין מיין וועג וועט פירן? גאָט ווייסט!“

זי האָט געגעבן אַ דריק מיין האַנט, אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט: „איך וועל דיך זען שפּעטער. איך וועל דיך זיכער זען.“

* * *

איך בין געגאַנגען איבער די גאַסן אָן אַ ציל. שטיקלעך געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט אין מוח. זיך אויסגעמישט און געשאַפן אַ טשאַד אין קאָפּ. איך האָב פּרובירט טראַכטן וועגן מיין אייגן לעבן און ניט געקענט. וואָס וועט איצט זיין מיט מיר, האָב איך ניט געוואוסט. איך האָב זיך דערמאָנט אָן אַ מאַטראָסן־ליד און האָב שטילערהייט געזונגען:

„וואָס זוך איך?
אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ וואַרעמע בעט.
פון צאַרטע פינגער מיינע האָר אַ גלעט.
ווער בין איך?...
..איך טראַכט און טראַכט, און קען ניט פאַרשטיין
פון וואַנען איך קום, וואוהין איך וועל גיין“.

ווען איך בין צוריקגעקומען, איז שוין געווען טונקל אין דרויסן. איך בין געשטאַנען ביי דער שוועל און ניט געוואָלט צוריק אַריין אין הויז. עס איז מיר געווען אומהיימלעך און שווער אויפן האַרצן. איך האָב געטראַכט וועגן דער שמאַלציקער גרעיס, וועגן דזשימען. זיין געזיכט איז שוין אויס־געבלייכט געוואָרן פון מיין געדעכעניש. איך האָב געטראַכט וועגן פרענסיס און געוואָלט, אַז זי זאָל צוריק קומען. ווער איז זי?.. איך האָב געהאָפט, אַז זי וועט זיך ניט פאַרפּלאָנטערן אין מיין פינצטער לעבן.

די טישלעך זיינען געווען היפּשלעך פאַרפילט. מיינע אויגן האָבן גע־וואַנדערט אַרום צימער און פרענסיס איז ערגעץ ניט געווען. איך האָב זיך געפילט, ווי אַ פרעמדער, אַן איבעריקער. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. איך בין געווען הונגעריק, אָבער קיין געלט האָב איך ניט געהאַט. דזשים איז נאָך ניט געקומען. אַפילו די שמאַלציקע גרעיס איז

פאַרשוואונדן. איך וועל מוזן נעכטיקן אין גאַס, אַרומוואַנדערן, אָדער זיצן און דרימלען ערגעץ אין אַ שמוציקן קאָרידאָר. איך בין געווען גרייט צו גיין, ווען דזשים איז אַריינגעקומען און זיך אַוועקגעזעצט ביי מיין טיש.

ער איז געווען בלייך און אויסגעמוטשעט. ער האָט מיט אַ שמייכל אַלעמען באַגריסט. פון דער העלער הויט האָט זיך באַוויזן גרעיסי, אַן אויסגעצוואָגענע, אַן אויסגעפּוצטע

„וואו ביסטו געווען, דזשים? פאַרוואָס האָסטו מיך ניט אָפּגערופן? זאָג מיר וואָס האָט פּאַסירט".

זי איז פאַרשוואונדן אין קיך און צוריקגעקומען מיט אַלדאָס גוטס. דזשים האָט צו אַלעם קוים זיך צוגערירט מיט די ליפּן. ער איז געווען פאַרטראַכט, זיין געזיכט אויסגעמוטשעט און דער שטערן פאַרקנייטשט. איך האָב זיך געשעמט אַ סך צו עסן. האָב איך געגעסן פּאַמעלעך. גרעיסי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אונדזער טיש און האָט געשוויגן. איך האָב ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. אין מיטן האָט זיך דזשים אויפגעהויבן און שטיל אַ זאָג געטאָן: „איך בין אַזוי מיד, אַזוי מיד. קום אַרויף צו מיר אין צימער, ווען דו וועסט פאַרטיק ווערן. קענסט שלאָפן אין דער זעלבער בעט. מאָרגן וועלן מיר באַשליסן וואָס מען קען טאָן פאַר דיר". מיט ליימיקע פיס איז ער אַרויס און גרעיסי האָט אים נאָכגעפאָלגט.

פרענסיס איז אַריינגעקומען אַ מינוט שפּעטער. זי האָט זיך באַלד אַוועקגעזעצט ביים טישל לעבן מיר און אַ מידן שמייכל געטאָן. עס איז מיר געוואָרן וואַרעם אין האַרצן, קוקנדיק אויף איר. „וואָס האָסטו געטאָן אַ גאַנצן טאָג? איך האָב געטראַכט אַז דו וועסט שוין קיינמאָל ניט קומען!"

זי האָט זיך צעלאַכט: „דו האָסט טאַקע מיך געוואָלט נאָך אַ מאָל זען?..."

„הער אויף שפּאַסן מיט מיר, פרענסיס, מיר דאַכט אַז איך בין פאַר־ליבט אין דיר."

„איך אויך, מייק. איך האָב נאָך אַ בחור ווי דו ניט באַגעגנט". זי האָט אָנגענומען מיין האַנט און זי געגלעט.

מיר האָבן זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט שווייגנדיק, און דערנאָך האָט זי אַ זאָג געטאָן „דו דערמאָנסט מיר אָן עמעצן אין מיין שטעטל אין ווערמאָנט. ווען איך בין געווען אַ יונג מיידל, בין איך געווען פאַרליבט אין אים. דאָס איז שוין געווען אַזוי לאַנג צוריק. געהאַט אַזעלכע טרוימען!

„און איך בין געבאָרן געוואָרן ווייט, ווייט פון דאַנען. אַ קליין שטעטל

מיט גרויסע וועלדער און טייכן. ווייסע זאַמדיקע וועגן און אַ סך קאַשטאַנען־בוימער. געהאַט אַ טאַטן, אַ מאַמען, ברידער און שוועסטער, און איצט ווייס איך מער ניט וואו זיי זיינען," האָב איך געזאָגט.

„דו ביסט אַ ייד — ביסטו?

„צו וואָס פרעגסטו דאָס, פרענסיס? — יע, איך בין א ייד".

„פאַרגיב מיר, מייק. דיינע אויגן האָבן מיר עפּעס דערמאָנט. מיין ערשטע ליבע, ווען איך בין געווען אַ קינד. עס איז געווען אַ יידיש יינגל און איך האָב אים ליב געהאַט. אָבער דעם טאַטן איז ניט אָנגעשטאַנען. ער האָט מיך פאַרבאָטן אים צו זען. איך האָב דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן"

זי האָט מיר דערציילט וועגן איר לעבן:

„איך בין געראָטן אין מיין מאַמען. קיינמאָל ניט געווען צופרידן מיט די זאַכן ווי זיי זיינען. אַן אומרואיקע איז זי געווען און גרינג אויף טרערן. זייער רעליגיעז, אָבער האָט קיינמאָל ניט באַזוכט אַ געבעט־הויז. גאָט בעטן, — פלעגט זי זאָגן — דאַרף מען אין איינזאַמקייט, קיינער זאָל ניט זיין דערביי. מיט דעם וואָס עס איז ביי דיר אויפן האַרצן, קען מען נאָר זיך טיילן מיט גאָט. דער טאַטע איז שוין געווען אַנדערש. ער האָט געלעבט מיט דער ערד. ער האָט געדאַרפט פילן זאַכן, זיי צו פאַרשטיין. ער האָט ניט געהאַט קיין טרוימען. ניט דערוואַרט צופיל, און איז געווען צופרידן מיט וואָס ער האָט. איך האָב אַ סך מאָל געטראַכט וואָס פאַר אַ קראַפט האַלט דער מאַמען מיט דעם טאַטן צוזאַמען? האָב דאָס קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען.

„ווען איך בין נאָך געווען זייער יונג, האָב איך שוין געהאַט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן מיין היים. איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל מוזן אַוועק וואו די אויגן וועלן מיר טראָגן: איצט בין איך דאָ. אַרבעט אַלס קראַנקען־שוועסטער אין אַ שפּיטאָל. האָב אַ צימער אין דעם רויט אָפּגעבליאַקע־וועט הויז. דזשים האָט מיך באַפריינדעט, ווען איך האָב זייער געדאַרפט האָבן אַ פריינט. ער האָט מיר געהאָלפן שטודירן אַלס נוירס. איך האָב אַ צימער אין שפּיטאָל, און קום אַהער ווען איך קען נאָר. אַזוי איז דאָס, מייק, אַזוי איז דאָס".

איך האָב פּרובירט איר דערציילן פון מיין אייגן לעבן: „אַ היים, אַ טאַטע אין פּאָלעסיע. אָרעמקייט און הונגער זיינען אַלע מאָל געווען מיט אונדז. פון צען זיינען מיר דריי געבליבן. זיבן זיינען געשטאָרבן אין זייער קינדהייט. שוועסטער, ברידער, ווער קען זיי אַפילו געדענקען?... אַ טאַטע — אַ פרומער ייד — אַ בלייכער, מיט צעטראָגענע אויגן. די מאַמע

אַ ווייַנענדיקע, אַ פאַרזאָרגטע, הויט און ביינער, איז געשטאָרבן אין איר שלאָף, אַזוי אויסגעגאַנגען. שפּעטער איז דער טאַטע קראַנק געוואָרן און אויס... זיינען דריי קינדער געבליבן ניט אַהער ניט אַהין. איצט זיינען צוויי אין אַמעריקע, איינער אין בראַזיל, איך בין דער יינגסטער.

איך בין אַרויף צו דזשימין אין צימער. איך האָב אָפּגעמאַכט מיט פרענסיס זי צו זען שפּעט אין אָוונט. פרייטיק וועט זי ניט אַרבעטן — עס איז געווען איר פרייער טאָג — און מיר וועלן האָבן גענוג צייט צו זיין צוזאַמען. איך האָב געפילט, אַז איך מוז דזשימין זען. פרענסיס האָט מיר געזאָגט אַז ער האַלט אויס דאָס גאַנצע הויז, העלפט אַלעמען מיט וואָס ער קען. „געלט”, האָט זי געזאָגט, „קריגט ער פון דער לופט! קיינער וויים ניט ווער ער איז, און פון וואַנען ער קומט. עפּעס האָט געמוזט פאַסירן אין זיין לעבן, נאָר קיינער וויים ניט וואָס”.

איך האָב געעפנט שטיל די טיר, געבליבן שטיין ביי דער שוועל און זיך ניט גערירט. דזשים האָט ניט געהערט מיין אַרייַנקומען. ער איז געשטאַנען אויף די קני לעבן אַלטאַר. איבער אים איז געהאַנגען דער געקרייציקטער גאָט, וואָס טראָפּנס בלוט האָבן געטריפט פון זיינע הענט און פיס. דזשים האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אָנגעבויגן איבער זיין ברוסט. די אויגן פאַרמאַכט. דאָס געזיכט איז געווען פאַרטרערט. נאָר די ליפּן האָבן זיך באַוועגט און די שאָטנס האָבן זיך באַהעפט מיט אים. איך האָב זיך שטילערהייט אַרויסגעשאַרט פון צימער און פאַרמאַכט די טיר.

איך בין געשטאַנען אַ ווײַלע אין דעם טונקעלן קאָרידאָר. מיינע פיס זיינען געווען ווי פון ליים, מיין קאָפּ שווער. דערנאָך האָב איך זיך אויטאָ־מאַטיש אַרויפגעשלעפּט די שטיגן אַ שטאָק העכער. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין פרענסיס טיר. איך האָב טאַפּנדיק ווי אַ בלינדער געפילט מיין וועג און ניט געוואוסט וואוהין עס פירט. איך האָב געהערט אירע שאַרנדיקע טריט. מיר זיינען ביידע געשטאַנען ביי דער פאַרמאַכטער טיר אין טונקעלן צימער. פרענסיס האָט מיך גענומען ביי דער האַנט און מיך צוגעפירט צום אָפענעם פענצטער. מיר האָבן אַרויסגעקוקט צום באַלויכטענעם האַפן. דאָס געזאַלצענע וואַסער פון טייך האָט אָנגעפילט די לופט. אַלץ האָט געזונגען פון ווייטער ווייט, פון אַן ערגעץ־לאַנד, פון א נייעם באַגינען.